מיין יוגנט האָט קיינער אין זייד ניט געוויקלט,
אַ צאַרטע האַנט האָט מיינע האָר ניט געקרייזלט...
איך בין געוואַקסן אַ קרעפּטיק אינגל
אין ענגע און הילצערנע הייזלעך.

און אין וויג נאָך, אין שטרענגער און האַרטער,
מיט אויגן—צוויי שטיקעלעך טאָג...
פלעג איך הערן: מיין נאָענטער טאַטע
זינגט שוין אין פרישן פאַרטאָג.

אַ פלינקער פויגל,—פליט און פאַלט טאַטנס האמער,
פאַלט און צאַפּלט צווישן די קני,—
און מיר ווערט דעמאָלט נאָענט און וואַרים
יעדער ריר פון זיין זאַפטיקער שטים.

בלויער ווינט,—אַזוי שטיל, אַזוי בלוי נאָך,
קוקט מיט טויאיקע שטערן אין שויב...
און אַף מיין וואַרים-פאַרשלאָפענעם אויער
רוישט, ווי אַ קוש, יעדער הויב.

ווערט אַנטשוויגן שטילער טאַטע באַ דער אַרבעט,
אַ שטיקל זילבער בלייבט הענגען זיין ליד,
און איך זע: אין פאַרפעכיקטע אַרבל
קוקט דער טאַטע פאַרקלערט אַף מיין וויג...

איצט וואַקס איך אַ פראָסטער און פעסטער
מיט טאַטנס צוויי קרעפּטיקע הענט,
און אין היינטיקן אויסרוף אין העכסטן
כ'האָב דאָס ליד פון מיין טאַטן דערקענט...

פעווראַל 1924 י.

װעט אַ קוק טאָן אַ מאַמע אַף זון, אַף געקומענעם,
אַף זון מיט באַװאַקסענע ברעמען,—
און מיט אויגן פאַרבאָרגענע פרומע
װעט זי אייגענעם זון ניט דערקענען.

אַך, געװען איז דער זון אַזאַ שטיפער,
װי לאָשעק, װאָס לויפט נאָכן װאָגן,
האָט מיט לאָרן דער זון זיך געביטן,
איז װאָס קען שוין אַ מאַמע איצט זאָגן?..

איז װאָס קען שוין אַ מאַמע איצט ענדערן?..
איז איר שװער, טוט איצט װיי צו באַנעמען,
פאַרװאָס עפּעס קוקט ער אַ פרעמדער,
מיט װאָס איז אים נעענטער לענין.

װעט זי קוקן אַף זון, אַף געקומענעם,
אַף זון מיט באַװאַקסענע ברעמען
און בענקען, װי מאָכיקער ברונים
באָך לעצטן אַנטרונענעם עמער...

1924 י.

# מינסקער בלאָטעס
(פּאָעמע)

## ערשטער טייל

1

אַרום יעדער שטאָלצער גאַס—צו הונדערט שטילע געסלעך
מיט הייזלעך נידעריקע, ווי שעפּסן אונטער באַרג...
ס'האָט מינסק אָן זיי, אָן אַלעמען פאַרגעסן,—
און אַלע וועגן פירן נאָר צום מאַרק...

און דאָ אין טיף, אין וואַרימקייט פון בלאָטעס,
אין הייזלעך הילצערנע שוין אויסן שטאָט פאַרשאַרט,—
גייט אויף אַ ווייטאָק זאַפטיק און געראָטן,
און ס'ציטערט אויף אַ פויסט אין יעדער קינדיש האַרץ.

מע האָט דאָ ניט פאַרפלאַנצט קיין בוימער און קיין פאַרקן,—
שפּילט מען זיך דאָ הוילינקע אין שטויב...
און ס'גיסט זיך אָן אַ פויסט אַ יונגער און אַ שטאַרקער,
און ווען-עס-איז וועט ער אַ זעץ טאָן אין אַ שויב.

וועט ווען-עס-איז אַ האַס אַ שפּאַר טאָן דורכן זינען,
און שטרענג, און שאַרף אַ שניט טאָן איבער האַרץ..

— — — — — — — — — — — — — — — —

שפּילן זיך דאָ קינדערלעך, שפּילן זיך דאָ פּיניעס
און קייקלען זיך דאָ הוילינקע אין זאמד.

אין יעדן הייזעלע, אין יעדער קאַמער
רעדט אַ ניי-מאַשין, אַ הובל, צי אַ האַמער.

נאָך קליין איז דאָ, נאָך שטיל איז דאָ דער רויש פון די מאשינען,
נאָר יעדער איינער מידט זיך דאָך ביז נאכט און פון באַגינען...

אין הייזלעך הילצערנע ווערן אומרואיק די גלידער,
אין הייזלעך הילצערנע ווערן אומרואיק די לידער...

באַם בויערן, באַם הובעלן, באַ דער דראַטווע, באַ דער נאָל,—
זינגט מען הויך און זינגט מען הייס, און אַלע מיטאַמאָל:

—„אַי,—אַי,—אַי,—אַי,—יאַשקע פאָרט אַוועק,
לאָמיר זיך צעזעגענען—דער פאַיעזד גייט אַוועק".— — —

דורך טעג אזוי, דורך נעכט אַזוי, דורך קיילעכדיקע וואָכן...
אַז וואו איז נויט און וואָס איז נויט באַ פראָסטע באַלמעלאָכעס!..

איז פיניע דאָ געוואַקסן ניט געפּיעסטעט,
ווי טויזנט אַנדערע פאַרלאָזן אונטער זון...
וואָס ווייס אַ יונג פון אויסגעקרימטע געסלעך,
אויסער מאַיסעס פּאָרכטיקע פון „בונד"?..

און שווערע טעג, און נעכט אָן טאַטע־מאַמע
מיט האַרטן פויסט און עלנט אונטער קאָפּ—
נאָענט איז אַ שטאָט אַ ליכטיקע פאַראַנען,
גייט אַהערצו קיינער ניט אַראָפּ.

מינסק—ווייסרוסישער פאַרקלערטער טרויער
מיט בעטלערישער אויסגעקרימטער האַנט,
פאַרוואָס איז דאָ בא דיר אַף יעדן שטאָלצן מויער
אַזוי פיל קעלערן פאַראַן?..

איז גוט אזוי אין מיטן נאכט,
ווען הייזלעך ליגן שוין פארמאטערט,
ארויסגיין שטיל, ארויסגיין שארף
אין אלטע אומרואיקע שמאטעס.

זיך לאָזן לויפן גיך-און-גיך,
א געסל נאָך א געסל,
און אָט—ביזטו, און אָט—בין איך,
און לאָמיר זיך פארגעסן.

א דאיגע אונז, א דאיגע איצט,—
מיר דארפן איצטער לויפן...
און ס׳שלאָגט א האס, און ס׳שלאָגט א ה״ץ.
אין הארץ און אין די שלייפן.

און אומדערוואַרט, און אומגעריכט,
מיר בלייבן שטיין און— באַסטא!
—פאר וואָס איז דאָ אזוי פיל ליכט
און יאָנטעוו אף די גאסן?..

ס׳איז העל און הויך דער הויכער מארק
און שטאָלצע זיינען מויערן,—
—מויער, מויער, דו ביזט שטארק,
ביז װאנען װעסטו דויערן?..

אין ס׳פליט אין שויב א שארפער שטיין...
— א גרוס אייך פון די בלאָטעס!..
— — — — — — — — — — —
מע איילט צוריק, מע לויפט אהיים,
עס איילט און ס׳פליט דער אָטעם...

אף אלטע קראָמען הענגען אלטע שילדן,
נאר מיט אל-דאָס-גוטס זיי זיינען זאט און פול.
—גיכער,—גיכער,—א מעציע פאר א גילדן:
—ווער עס דארף און ווער עס וויל!

גרויס און הייס איז דאָ אַ גאַנצן טאָג די לייזונג,
קרעמער קומען אָן מיט דריי און מיט געשריי...
פיניע, פיניע, דאַרפסט איצט נייע הויזן?—
קראַנק ביזטו צו שלעפּן זיך אַזוי?..

אַך, איז דאָ אין שויב אַזוי פיל גוטע זאַכן,
און אין מויל ווערט הונגעריק און זיס.
העי, ווער וויל דאָ וויינען, אָי, ווער קען דאָ לאַכן,
—ווייבער,
—ווייבער,
—אַ מעציע פיש!

אַף אַלטע קראָמען הענגען אַלטע שילדן,
נאָר מיט אַל-דאָס-גוטס זיי זיינען זאַט און פול.
אַך, וואו נעמט מען איצט אַ פראָסטן גילדן,
מיט ברויט, מיט וואַרימען—אַ פולן מויל...

ס'איז מינסק געבענטשט מיט הייזעלעך און „הייזלעך",
אָן רויטע פאַרהענגלעך, אָן רויטע לעמפּלעך אַף דער טיר...
און גאַנצע נעכט, און ביז אין טאָג אין ווייסן
מע רויכערט און מע טרינקט דאָ פּראָסטן ביר.

און ווען דער „שבת-קודש" קומט צו גיין אין ווייסן,
און אלע שויבן צינדן פאַרכטיק ליכט,
זעט פּיניע: ס'ווערט אומרואיק אין „הייזלעך",
וואו רויש און רויך איז ווייניק און געדיכט...

עס רייסט דאָס האַרץ, דאָס בלוט פּלאַצט אויף און וואַרפט זיך,—
ס'איז שאַבעס איצט... די שטאָט איז שטיל און גרויס...
און נאָענט דאָ מיט עלנטקייט אין האַרצן—
מיידלעך קרעפּטיקע פון אייגן בלוט און פלייש.

און קומען יונגען, נעמען און באַשפייען זיי,
און לאָזן איבער אין שטילן ווי-און-ווינד...
און דאָרטן ברענט די שול איצט אין העלע, פרומע פייערן
און יעדער בויגט זיך אונטער זיינע זינד...

פאַרוואָס זשע קומען זיי אַהער אין שניפּסן און אין שלייפלעך
מיט אויגן רואיקע, מיט פאַרזיכטיקן בליק?
אָי, איז גוט אַ זעץ טאָן אין די שלייפן,—
—נאַט אייך—רו און נאַט אייך—פרעמדן גליק...

מיידלעך, מיידלעך, גוטע, פּראָסטע שוועסטער
פון הייזלעך נידריקע, פון קעלער און פון ראָג,—
נאַט אייך לייכטער, נאַט אייך מעסער,
הייבט די הענט און שלאָגט.

און ס'נעמען שויבן פיבערן, און קוילעס ברעכן זיך און רייסן
און רונד אַרום ווערט הילכיק און געדיכט— — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען דער „שבת-קודש" קומט צו גיין אין ווייסן,
צינדן פאַרכטיק אַלע שויבן ליכט...

.7

ס׳איז פּיניען גוט צו זיין א יונגער בּלעכער,
הויך און הילכיק לאַכן איבּער דאַך.
עס רייסט, עס ציט און ס׳ווילט זיך הויך און העכער,
אַהין, וואו ס׳רוט דער טאָג, אהין, וואו ס׳רוט די נאַכט...

שוין הייס דער בּלעך, און פייכט איז נאָך דער הימל,
די זון איז נאָענט: נעם — און כאַפּ זי אָן...
און אונטן דאָרטן דרייט שוין א געווימל,
שילדן קרעכצן, און אומרו הויבּט זיך אָן.

קרעמער איילן זיך, ווי קליינע פלינקע פייערן,
הערצער רייסן זיך און ס׳פלאַפּלען הענט...
פארווילט זיך דאָס אזוי פון טיפן הארץ א שפּיי טאָן:
— אַי, ווערט פאַרשוואונדן און פאַרבּרענט!

ס׳איז פּיניען גוט מיט הילכיקן געלעכטער,
לאַכן-לאַכן הילכיק איבער שטאָט.
עס רייסט, עס זינגט און ס׳הילכן לייכטע בּלעכן,
און טיף אין האַרצן שטראָמט און שטראָמט...

.8

שוין קיל דער בלעך און שטיל איז שוין דער הימל,
אַלע שטערן זיינען רואיק־פּייכט.
טראָגט זיך איבער דאך אַן אָוונטיקער הימן
און אַלע הערצער ווערן קוועלנדיק און רייך...

מע האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט — ביז נאכט און פון באגינען,
זיצט מען איצטער אויף די בלעכן מיד...
זינגט דער פעטער פּיניע זיין פּלימעניק פּיניען
יעדן אָוונט, יעדע נאַכט א ליד:

— — — — — — — — — — — — — —

— „...איצטער לעבן זיי אין קייטן און אין שניי,
איצטער זיינען זיי שוין ווייט אזוי...

אַך, איז דאַן אַ צייט אזא געווען, —
אין ווארשטאַטן האָט געפיבערט און געוועקט...
שטרייק, — און בלוט, — און פרייד פון מאַרסעליעזע,
אז וואָס ווייסטו, וואָס פאַרשטייסטו, —
שנעק!

האָט מען זיי אלעמען אזעלכע האַסטיק־הייסע
גענומען און פאַרוואָרפן קיין סיביר.
ווען, אָ ווען וועט מען א נעם טאָן אַט דעם קייסער
און שווערערהייט א בראָך טאָן דורך דער טיר...

און גרינג, און גיך א נעם טאָן יענע ברידער,
רינג און גיך א טראָג טאָן ביז אַהער".

— — — — — — — — — —

יעדן אָוונט זינגט דער פעטער פּיניע לידער,
יעדן אָוונט ווערט דער דאַך פאַרקלערט...

.9

און אלע נאַכט אף שטילקייט פון געלעגער
דערהער איך שטיל, אזוי ווי דורך א ווינט, —
ס'קלאָגן קייטן עלנט אף די וועגן
און זיי, פּאַרווייעטע, קוקן שטיל אף מיר...

אזעלכע הויכע, קרעפטיקע און ווייטע,
ס'מוז יעדערער פון זיי דאָך זיין א ריז,
ווען כ'קען כאָטש איינמאָל נאָר א קוק טאָן פונדערווייטן
און שטילערהייט א זאָג טאָן זיי: — איך גריס...

נאָר סיביר איז ווייט, ווייט אזוי פון דאַנען,
און אונזער גרוס פּאַרלירט זיך און פארפרירט...
מיר וויסן: ס'איז באם קייסער א לאנד אזא פּאַראַנען,
רופט מען דאָס — פאדווייעטע סיביר.

## צווייטער טייל.

10

גייט ארויס א האַסטיקער דעקרעט
מיט ווערטער זיכערע, ווי פיילן:
פון פרי — ביז שפעט, פון פרי ביז שפעט
איר דאַרפט שוין, קרעמער, זיך ניט איילן...

גיט א קוק מיט שטומען בליק:
דער מאַרק פאַרציט זיך אין א זשאַווער...
ס'איז יעדער טאָג — א באָלשעוויק,
און יעדער באָלשעוויק — א כאַוער...

און מיר, אָט די פון נויט און וויי,
פון אלטע, שטילע געסלעך,
מיר וועלן אייך, ווי פוילע שטרוי,
צעטרעטן — און פאַרגעסן...

מיר, — גאַנצע געסלעך מיט פּיניעס
צו אלץ — און צו גאָרנישט געוואוינט,
מיר קלייבן אין האַרצן א סינע
און ס׳איז האַס אונזער שטענדיקעס ברויט.

אָי, ס׳איז גוט, אלץ איז גוט און צום גוטן,
וואָס דער ווייטאָק צעוויגט זיך און שרייט!..
ווערט געדיכטער און הייס אין די בלוטן,
און די הענט ווערן האַריק און שטייף...

שווערע טעג, שווערע יאָרן פון הונגער
מיט ברודער, מיט פרייד און מיט לייז,
נו, צענעמט און דערהויכט אונזער יוגנט,
נאַט, — צענעמט, און צעלויכט, און צעררייסט.

נאָר ס׳מוז זיין! און די צייט איז געקומען
אין שטורם, אין ליבשאַפט און בלוט.
מיר שטייען און הויבן דעם אומרו:
— ביז דאַנען. — אַראָפּ. — און גענוג!

12

ס׳איז גוט אזוי, ס׳איז הייס אזוי
מיט שווערע שטיוול אף גארדינען,
ס׳איז גוט אזוי,
ס׳איז הייס אזוי,
מיט שווערע שטיוול איבער זאַל...
און יעדן אָוונט זינגט מען דאָ די האַסטיקע „דובינושקאַ״,
און יעדן טאָג, און יעדע נאַכט — דעם אינטערנאציאָנאַל.

פון הויכן דאַך — ביז וייכן דיל
איז איצט צעלייגט דאָ אונזער וואוינונג,
און ווער עס דאַרף, און ווער עס וויל,
פון הויכן דאַך — ביז ווייכן דיל, —
די גאנצע וועלט איז אונזער וואוינונג.

און ווען דאָס לאַנד האָט זיך צעברודערט און צערעדט
מיט טויזנט פויסטן, טויזנט הימנען אין איין אָטעם, —
האָט זיך צעטראָגן דאַן אַן איילּיקער דעקרעט
פון אוראַלער בערג ביז מינסק מיט אירע בלאָטעס...

יעדערער פון אונז — מיט אומרואיקן ווייטאָק,
אין וועמעס לעבן עס האָט אַרבעט שטרענג געשטראָמט, —
— זאָל זיך גרייטן,
— זאָל זיך גרייטן,
— זאָל זיך גרייטן,
— זאָל זיך לערנען אף אריין אין סאָוונאַרקאָם!

יעדער איינער — איז אצינד שוין ניט קיין איינער,
יעדער קאָפּ — איז איצט א קאָפּ פון טויזנט קעפּ.
מיר מוזן איצט צוזאַמען און פאַרייניקט — — — —
— נידער מיט...
— און נידער!
— און — עס לעבט — — !

אין יענעם יאָר האָט קיינער ניט גערעכנט,
ווער ס'וועט בלייבן און ווער עס דאַרף פאַרגיין,
מע איז געוואָרן שטרענג, און אומרואיק, און העכער,
און קיינער האָט זיך ניט דערקענט אליין...

אַף יעדן טאָג — פלאַקאָטן און אַפישן,
אין יעדן הויז ברענט הונגעריק דער טויט,
און קיינער ווייסט ניט, קיינער קען ניט וויסן, —
וואָס איז בעסער: קאַמפער אָדער ברויט...

און שלאָגט אין קאָפּ א היץ, — וועט מען די היץ ניט מעסטן,
אלץ איינס, אלץ איינס: עס וואַרט דער טויט אין טיר,
און ס'ציט אזוי אין גאַס, און ס'ציט אזוי צו מענטשן,
זאָל זיין פארמאטערטע אין הונגער און אין טיף...

ווי קען מען נעמען איצט א לעבן און פאַרשטיקן,
אריינהאַקן, פאַרשפאַרן אין פיר ווענט?...
עס גייט דער פויל,
עס גייט דעניקין,
געשמאַק און הונגעריק האָט זיך א לאַנד צעברענט!

## 15

א לעצטע ברעט פון לעצטן פּלויט
האָט אונז דאָס אייוועלע דערוואַרימט.
איז גוט אַצינד — אַ שטיקל ברויט
איז אונז פאַרבליבן נאָך פון וואַרמעס.

ברענט אין רויך אַ דאַרער קנויט
און וועט נאָך ציען ביז באַגינען, —
יונגערהייט און שטרענגערהייט
מע טאָר ניט שלאָפן ביז באַגינען.

אַף יעדן ראָג, אַף יעדער גאַס,
אַ שווערער אומרו וואַרט און וואַכט שוין.
עס רייסט, עס שלאָגט אַף אונז מיט האַס
פון שוואַרצן יאַם ביז איבער וואַרשע.

וויקלט זיך אַ שטאָט אין אומרו און אין שוואַרצן,
אַלע שויבן זיינען היינט פאַרדעקט...
קלאַפּט אַ שרעק און וויגט זיך אום אין האַרצן,
ס'האָט אַף שטאָט זיך אָנגערוקט אַ שרעק.

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך אַ לעצטער צוג געראַנגלט
און אָפּגעגאַנגען מיד נאָך אָרשע און סמאָלענסק,
שטיקט זיך איצט די שטאָט מיט אומרואיקע קלאַנגען:
וועמעס איז מען און אין וועמעס הענט?

ווידער קאָן דער סוינע מאָרגן קומען,
ווידער „כלאפּי" און „פּסיאַ-קרעוו".
אומרו, אומרו, אומרואיקער אומרו,
ס'וועט די שטאָט ניט אויסהאַלטן די שרעק...

האָט מינסק אַוועקגעשיקט אַ צוג מיט הייסע יונגען,
האָט פּיניע אויך צווישן זיי געברענט...
ס'האָט הינטער זיי קיין מאַרשן קיינער ניט געזונגען
און ניט געפּאַכט מיט יאָנטעוודיקע הענט.

צו גרויס, צו גרויס איז אַפן פראָנט דער אומרו
און ס'קען דער הימל פּלאַצן איבער מינסק — —
און אויב מע דאַרף — וועט מען צוריק ניט קומען
און שטילערהייט שוין בלייבן אונטער ביקס...

ווייס שוין פּיניע ניט דעם ווילפטן מעסלעס
האָט ער דעם שלאָף אין זאָטל שוואַר באַגעגנט
דורך ווינט, דורך רויך — פאַרמאַטערט און פאַרנעצט,
דורך ווינט,
דורך רויך
און זומערדיקע רעגנס.

ווערט שטיל אין פעלד. עס קלאַפּן טלאָ נאָך טלאָ.
דאָס הייסע פערד גייט רואיקער אין אָוונט...
און ס'איז קיין ברויט ניטאָ, און ס'איז קיין היי ניטאָ, —
וואָלט ערגעץ כאָטש אַ דערפעלע זיין נאָענט.

ליגן דערפעלעך פאַרוואָרפענע אין שרעק
און כוטאָרן פאַרברענטע און פארמאַכטע.
אַלע יונגען זיינען שטרענג אַוועק
מיט קויל, —
אַף פויל, אַף פריצים און אַף שליאַכטע.

ערגעץ צו אַ כוטאָר וועט ער שטיל אראָפּ.
מידערהייט אַ קלאפּ טאָן אין א טויער:
— העי, כאַוויירים—ברידער, עפנט אָפּ,—
— אָן אייגענער—אַ רויטאַרמייער...

ניט קיין העלד. ניט קיין האָריקע גיבוירים,
האָבן זיך דאָ ביינערדיק פאַרקלערט,
יונגע יונגען מיט יונגע אויגן
וויגן זיך פאַרמאַטערט אַף די פערד...

ס'איז איצטער שטיל, די נאַכט איז פול מיט זומער,
מיט סאָסנע-וואַלד, מיט האָניק און מיט פעך.
וער וויס, און עפשער וועט מען שוין צוריק ניט קומען,
ס'איז וואַרשע ווייט
— ברידער, עך!

לאָמיר זינגען, זאָל די נאַכט איצט פּלאַצן,
ס'איז שטיל אַזוי, ס'איז שווער אַזוי!
— און האַרטע ט'לאָען האַקן זיך און האַקן
מיט יונגן פייף, מיט פּאַך און געשריי...

און זאָל מען הערן, זאָל דער סוינע קומען
און מעסטן זיך דאָ שפּיז אָן שפּיז.
די נאַכט איז הייס, די נאַכט איז פול מיט אומרו
און אומרו שרייט פון קאָפּ און ביז די פיס.

איבער דער בעריאָזע הענגט אַ שטרענגער בריק,
איילן עשאַלאָנען, איילן איבער בריק.

און ווען דער לעצטער רייטער וועט דורכשניידן געשווינד
און שטרענגערהייט אַ זאָג טאָן: נו, כאַוויירים—צינד!

וועט דאַן דער בריק אַ בראָך טאָן, אַ פּאָך טאָן מיט די הענט:
אַ בריק איז דאָ געהאנגען, געווען—און ניט געווען.

וועט מינסק דאַן ווערן נעענטער. ס'איז ווער אַהין אַריין,
— מינסק, מיר וועלן קומען, מיר וועלן ווידער זיין!..

אין וועלדער געדיכטע, אין וועלדער ווייסרוסישע
ווער וועט היינט האַלטן די וואַך?
— ס׳וועלן היינט הערצער מיט פייער צעקושן זיך, —
היינט אין אַ בלויִלעכער נאַכט...

שטילער, פאַרמאַטערטע, רואיקער, טייערע,
ווער וועט פאַרהיטן די רו?
ס׳וועלן היינט ווינטן און רואיקע פייערן
שטיל מיט אייך ריידן אַף דו...

און ווער ס׳וועט היינט פאַלן, — וועט מוזן פאַרגעסן
אַ פאַרלאָשענעם קאָפּ אַף דער ביקס...
— זאַמדיקע, שטילע, פאַרוואָרפענע געסלעך,
היים, אונזער בלוטיקער מינסק...

אקטיאבר — דעקאבר 1924.

און יעדער אינדערפרי קלאפּן נייסן אין די שויבן, —
שליידער איך אַרויס צוויי אומרואיקע הענט.
און ווידער בין איך גרייט שוין — אויפנעמען און גלויבן,
אַז ס'האָט זיך ערגעץ וואו אַ לאנד אין ווייט צעברענט...

ווערט הייס אין האַרץ, דאָס האַרץ הויבט אָן צו ברענען,
עס גיט אַ ריס, עס גיט אַ טראָג פון שטוב, —
פון יעדן רויטן פלאַץ רעדט ווידער צו אונז לענין.
און יעדער רויטער פלאַץ וויגט זיך שוין און רופט...

ווערן ווידער פייערדיק און הייס די האָריזאָנטן.
הויב איך אויף מיין קאָפּ אַ ליכטיקע און — טראָג.
עס שלאָגט מיט היץ, עס שפּאַרט, עס שלאָגט מיט יאָנטעוו.
און יעדע נאַכט אַזוי,
און יעדן טאָג...

יאנוואר 1925.

# אין רויך

ניט פון זון, ניט פון רוים און פון וועלטן, —
גענוג געזונגען אזוי און אַזוי,
איך בין געוואָרן איצט פיערלעך־עלטער,
איז מיין קאָפּ איצטער דורכזיכטיק־ריין.

איך געדענק אַ שטאָט — אין געוויין און גערודער,
אַ היץ און קעלט האָט געשטראָמט אונטער לייב.
ס'האָט די מאַמע געוויינט פאר מיין ברודער,
געוויינט און געבעטן זיך: בלייב.

איז דער ברודער געוואָרן נאָך שטרענגער,
שטרענג געהערט, ווי דאָרט רייסט זיך און וועקט,
און איך אַזאַ יונגער און קליינינקער
בין אויך נאָך מיין ברודער אַוועק.

ווער האָט געוואוסט, וואָס ס'געשיט דאָרט אין רויכן,
ווער עס פאַלט און ווער עס דרייט זיך צונויף!
ס'איז געקומען מיין ברודער אַ בלייכער,
מיט אַ בלוטיקער האנט אָפּן שלייף.

שטילערהייט מיך אַף אַקסלען גענומען,
שטילערהייט מיך באַשוואָרן: געדענק.
האָט אַ שטילקייט מיין ברודער גענומען
און צאַרט אים אַף דער ערד אויסגעלייגט...

זיינען יונגען געווען און פאַרגאַנגען,
שטרענגערהייט זיך צעלייגט אונטער ווינט...
ווי געקענט האָט דאַן ווי' טאָן און באַנג טאָן
אונטער סרייפעס אַ גלויביקן קינד.

וואַקסן יאָרן, גייען אויף און פאַרגייען.
פּאָכן פּאָרכטיק פון גליק און פון פרייד,
דערמאָן איך זיך ברידערשע ווייען
אַף גאַסן פון גליקלעכן טויט.

היינט וועט קיינער ניט פאלן מיט קני צו דער ערד
פאַר נאָענטע בלוטיקע טראָפּן...
יעדעס וואָרט, — ווי אַ שניט, יעדער קרעכץ, — ווי אַ שווערד.
איבער קעפּ און אַף שטעט פון אייראָפּע.

איין און צוואנציקסטער יאַנוואַר... פיר און צוואנציקסטער יאָר...
אַ געשריי און אַ שניט איבער לענדער...
אַ שטרענגער, א בלוטיקער וואָר
פארגייט אין אַ העלער לעגענדע...

וועט דורכגיין אַ טאָג און וועט דורכגיין אַ נאַכט,
וועט דורכגיין אַ דאָר — אַ יאָרהונדערט,
און וועט מען דערציילן: אָט דאָ אַף דער וואַך
האָט ער אַזאַ שטאָלצער געדונערט....

יאַנוואַר 1925.

## באַ קרעמל־וואַנט

זואו ברידער־קוואָרים זיינען ווייך און גראָזיק
און העלער כאָלעם רוט אין דורכזיכטיקן רויך,
ווען זיך מיין קאָפּ צעברויזן, ווי אַ לאָזונג,
ווען זיך מיין קאָפּ צעשפּילן אין דער הויך!

אַז וואו איז זי, די שטים, וואָס הייסט אַ ווײַלע שטיין דאָ
און איינהאַלטן דעם קאָפּ פאַר שטייגנדיקער רו,
און לייענען אַף אויסגעהאַקטע שטיינער
בעמען נאָענטע, ווי איך, ווי דו.

יעדעס וואָרט — אַ שטילס און פאַרקלעמטס,
יעדער שטיין דאָ — נאָענט, ווי מיין האַנט,
אין יענער נאכט איז ניט געווען באַשערט מיר
פאַלן דאָ א ברודער באַ דער וואַנט...

* *
*

ברודער מיינער מיט האָר געקרייזלטע, ווי מיינע האָר,
מיט שווארצן שניט אין מיטן פון דיין וואַקסן.
דאָס ביסל פיין פון דיינע לעצטע יאָרן
מיר האָבן היינט געטראָגן אַף די אַקסלען.

אין מיטן מינסק, אין מינסק פון אומרו און פון נויט,
האָט לעקערטס בלוט געשריען פון זיין דענקמאָל,
און מיר זיינען געגאַנגען שטילערהייט,
געשוואָרן זיך מיר וועלן דיך געדענקען.

האָט נאָך אמאָל אין ווילנע דורכגעבליצט אַ שאָס,
האָסטו געשאָסן אַף באַניים היינט...
ברודער מיינער, ניט באַשערט דיר זעען לאָדז
אין גליק, אין בלוט, אין ליבשאַפט און אין פייער...

פון לאָדזער סקווער וועט לאנג נאָך ניט אַראָפּ
דיין לעצטער שאָס, אַ בלויער, אַ פארבענקטער...
— — — — — — — — — — — — — —
כאָטש ווען-עס-איז אַ קוק טאָן אַף דיין קאָפּ,
אף קאָפּ דיינעם פארקריצטן אין א דענקמאָל.

1924 י״ל

# פּערלאַשעז

יעדער שניט פֿאַרגייט מיט נייע הויטן,
יעדן בראָך פֿאַרציט מיט גראָז די ערד...
געווען אַמאָל אַן אויסבראָך און אַ ווייטאָק,
הילכט ער אָפּ, ווי העלער קאָל אַף בערג...

איך וואַרף אַריין מיין האַנט אין אָפּגעברענטן נעכטן,
און נעכטן קומט אַרויף און העלט אויף, ווי א נעס...
ברידער, — דאָס בין איך מיט אייך געפֿאַלן א גערעכטער
אף שטיינער און אַף בלוט פֿון פּערלאַשעז.

דאָס האָב איך מיט אייך אונטער הימלען פֿולע פֿייער
די װעגן צו פּאַריז מיט ברוסט פֿאַרשטעלט,
און ווידער שטייען מיר היינט הויכע און באַנייטע,
און אַקסלען טראָגן שוין די לאַסט פֿון נייער וועלט.

מארט 1924

איך פיל די שטאָט ביז טרערן און ביז בלוט,
ביז הייסן און ביז צאַפּלדיקן אָטעם
און כ׳בענטש אַצינד די גליקלעכע מינוט,
ווען כ׳האָב צום ערשטן מאָל איר ערד באַטראָטן.

איך קען זיך שוין ניט פילן, ווי אַ גאַסט
און בין אַצינד צופרידן מיט מיין וואוינונג.
פאַרווילט זיך זינגען,—זינג איך אַף דער גאַס,
און וויל איך רוען,—רו איך אַף די שטיינער...

נאָר כ׳קען נאָך אַלץ ניט אויפהויבן מיין קאָל
און זינגען, ווי ס׳צעזינגען זיך סירענען.
ווען ס׳זינגט די שטאָט מיט שטיקער שטאָל,
ווייס איך,—אַז ס׳איז טויזנט מאָל נאָך שענער.

די שטאָט האָט איצט באַרואיקט און פאַרוויגט זיך,
אז וואָס זאָל איך איצט טאָן מיט אַזאַ נאַכט?
איך קען דאָך זיך ניט נעמען און דערשטיקן,
מיטן קני אָן ברוסט א בראָך טאָן זיך: און—נאַ!

מיט וואָס זאָל איך בארואיקן דעם זינען,
ווען ס׳רוישט און ס׳כלינעט זיך אין לייב?
ווילט זיך איצט אַ נאענטן געפינען,
אים אנעמען באַם אָרעם: בלייב!

לאָז איך זיך נאָך טיפער אין די גאַסן,
און ווער ס׳וועט זיין, און ווי ס׳וועט זיין—איז גוט!
קילע שטערן מילי־מיליאַסן
וויגן זיך און זינקען אין מיין בלוט.

שטאָט מיינע, געגוג היינט,—
עס טוט מיר ווי׳...
לאָז מיך ניט אַ שליידער טאָן מיין יוגנט
צווישן ראָד, און רעלס, און האַרטן שטיין.

ביז טיפער נאַכט האָב איך געשלעפּט דיין מאַסע
און ניט געוואָרפן, ניט געזאָגט דיר: ניין.
איצטער זיינען מיד מיר ביידע אַקסלען,
איך גיי אַהיים.

אַלץ איינס, אַלץ איינס! מיין שווערע לאַסט
ווערט איצט צערונען אין די אַקסלען.
אויב פריער האָב איך עמיצן געהאַסט,
קען איך אים איצט ניט האַסן.

וועל איך אַהיים ניט גיין —
איך וועל מיין וועג ניט שלעפן צו אַ צימער.
און וועל דא בלייבן רוען אַפן שטיין.
נאַכט, און שטאָט, און שטערן אַפן הימל...

שווייגט אַ שטאָט אין גרוילעכן וואונדער
און רייסט זיך מיט שפּיצן דורך נעפּלען און רויך.
אַז יעדע מינוט און אַז יעדע סעקונדע
קענען דיך ווינטן אַ ריס טאָן אין הויך...

שפּאַנט מען אין שטרענגקייט. מע קוקט ניט אַף הינטער
און טיפער פאַרגראָבט מען אין אַקסלען די קעפּ.
באַלטישער יאַם. און געזאַלצענע ווינטן
קומען פון יאַם אָן מיט הילכיקע קלעפּ.

כאַפּט זיך די שטאָט אויף און וועקט:—אַ פאַרפלייצונג,
ווערט שטרענגער און האַרטער באַ יעדן דער בליק.
אַז יעדער שלעפּט דאַ אַף האַריקע פּלייצעס
דעם אָנהויב און סאָף פון אַזאַ מאַטעריק...

1925—נאָיאבר, לענינגראַד

# קניענדיק.

באַגעגנט מיך אַן אַלטע פון דער ווייט,
אַן אַלטינקע אין פרומער פעלערינע.
גייט זי אָפּ אַ שטילע אָן אַ זייט,
ציילעמט זיך אַ שטילע אָן אַ זייט
און טוליעט זיך צו פרומער פעלערינע.

וועט אָנקומען די אַלטינקע אַהיים,
צופאַלן צו שטילקייט פון איקאָנע,
און וויינען שטיל פאַר ציילעם און פאַר טרוים,
ביז ס'וועט פון האַרצן אויפליען איר ווי
און שטעלן זיך, ווי א טויב, באַ דער איקאָנע...

און קניען וועט די אַלטיטשקע פאַרקלערט
מיט וואַרימקייט און מוירע באַ דעם האַרצן:
עס טרעט אַרום א יונג אַף מאָסקווער ערד,
טרייסלט אויף די רו פון מאָסקוועער ערד
און שרייט מיט קאָפּ צעלעסטערטן און שוואַרצן.

1924

פאַרגייט, פאַרגייט, איר אומעטיקע ציידעס,
מיט בערד צעשראָקענע, פאַרלאָפּענע מיט שניי!..
אין לעצטן בראָך, אין לעצטן וויי
זייט איר פאַרבליבן לעצטע איידעס.—
פאַרגייט, פאַרגייט, איר אומעטיקע ציידעס!

אַז ווינד, אַז וויי צו אייער גאַנצן שטעטל
צעטראָטענעם אין ווייטאָק און אין נויט...
צו יעדן הונגעריקן ביסן ברויט
האָט איר פון לאַנג געשמייכלט און געבעטלט, —
אַז ווינד, אַז וויי צו אייער גאַנצן שטעטל.

און קוקט איר איצט צעשראָקענע און מידע,
און ס׳ציטערן און ס׳טרייסלען אייך די קני.
—ווער ווייס, ווער ווייס, אויב ס׳וועלן די,
אויב ס׳וועלן אָט די זין שוין בלייבן אידן?—
און ס׳ציטערן און ס׳טרייסלען אייך די קני.

און מיר, אָט די, וואָס רופן אייך נאָך ציידעס,—
און ווייסן, אז דאָס דארף מען שוין ניט לאנג.—
מיר גייען אויף, ווי ערשטער קלאַנג,
ווי ערשטער קלאַנג פון קומענדיקע פריידן,
מיר, אָט די, וואָס רופן אייך נאָך ציידעס.

איז גוט אַריינקוקן אין אומעטיקע אויגן,
ווען פרעמד איז אייער ווייטאָק פון די בערד...
מיר,—אָט די און די—ס׳איז אונז באשערט,
ס׳איז אונז באַשערט שוין קיינמאָל זיך ניט בויגן.
פאַרגייט, פאַרגייט, איר אומעטיקע אויגן!

# שטעטל.

1

אַ פרעמדער גאַסט אין שטעטל איז געקומען,
אַ פרעמדער גאַסט — מיט אומרו אין די טריט...
ס'האָט דאָרטן קיינער ניט דערקענט זיין אומרו,
און קיינער האָט אים ניט געפרעגט: ביזט מיד?..

דעם בלויען הימל האָט געצויגן צו פאַרנאַכט דאַן
און שטילקייט האָט נאָך עמיצן געוויינט,
אַלע קראָמען שוין פון לאַנג פאַרמאַכט דאָרט
און קיינער דאַרף שוין דאָרט ניט גיין אַהיים...

ביז טיף אין נאַכט דורך שטעטלדיקן העפקער
געגאַנגען איז דער גאַסט אַזוי אַליין,
און ניט געוואַרט, און ניט געבעטן: „עפנט" —
באַ לעצטער טיר פון אָפגעניצטער היים.

ער האָט געהערט און הערן ניט געקענט מער,
ווי שטעטל ליגט פאַרבראָכן הינטער פלויט...
— גוט, — האָט ער געזאָגט, — זאָל ברענען! —
און איז אַוועק פאַרשפאַרט און האַרטערהייט.

און ביז פאַרטאָג האָט ער געהערט, ווי ווינטן
הייס האָבן מיט פייער און מיט שטעטעלע געקלאָגט...
אַ לעצטעס מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן אָף הינטער,
און איז אַוועק. און ס'האָט געטאָגט.

2

אַ לעצטער רויך האָט צוגעדעקט מיין שטעטל,
און לעצטן רויך האָט אָנגעשיקט דער ווינט.
אָי, ביז וואַן, און אָי, ביז וואַנען בעטן זיך.
—שטעטעלע, פאַרשווינד.

אין מיטן וועג, צווישן בלויע טראַקטן
ליגסטו אַלץ און קענסט נאָך ניט אַוועק.
אַ בראָך צו אַלע גרייזע טאַטעס,
וואָס האָבן ניט פאַרלאָשן דיינע טעג—

און דיך געלאָזט אַף שווייגן און אַף וואַרטן!—
שווערערהייט זאָל דורכפאָרן אַ ראָד
און דיך צעטרייסלען ביז דיין קראַנקן האַרצן,
טראָט—נאָך—טראָט...

איך ווייס: די טעג זיינען געציילטע,
און יעדער טאָג דיינער איז אויסגעווייטאָקט רויט.
אָי, ווען כ׳גלויב, און קען דיר אויסהאַקן אַ ציילעם:
אַ לעצטן שוימער אַף דיין טויט.

3

אין טיפן הויף פאַרגייט זיך אַ האַרמאָניק
און לעשט זיך אויס צווישן קילע ווענט.—
פאַרווילט זיך דאן און כ׳קען זיך ניט דערמאנען,
וואָס איז אַמאָל געווען.

שטעטל, שטעטל, שטילעס און פאַרטרויערטס,
ביז לעצטן דאַך פאַרלאָזן און אַליין...
טרעפט נאָך ווען, אַף העכסטן פון די מויערן
דערגייט צו מיר דיין טרוקענער געוויין.

ווען כ׳בין דאָס ערשטע מאָל אַוועק פון דיינע געסלעך,
מיין יוגנט האָט נאָך שטילערהייט געברענט,
געמיינט האָב איך—מע טאָר דיך ניט פאַרגעסן
און שטענדיק מוזטו נאָכגיין אין דער פרעמד...

בין איך אַוועק געבויגן נאָכן וואָגן,
דאָס גאַנצע לעבן צוגעדריקט צום לייב...
אַרויפגעפירט האָט שטאָט אַף העכסטן פון די שטאָקן,
צוגעפירט צום פענסטער: בלייב!

איז גוט אַצינד באַם פענסטער זיך דערמאנען
און גרינגערהייט אַ מאַך טאָן מיט די הענט...
הערן שטיל, ווי ס׳ציט נאָך דער האַרמאָניק
און לעשט זיך אויס, ווי קיינמאָל ניט געווען.

אַ נאַכט, ווי אַלע נעכט אין בלויען,
ווי אַלע נעכט איז אומרואיק און שטיל...
איך קען היינט ניט מיין רויען ווי צעווייען, —
איך הויב זיך אויף אַ לופטיקער און — שווים.

אַ הימל. אַ מעשוגענע לעוואָנע
ציטערט אויף און רייסט זיך שטרענג און שאַרף,
עס רייסט דאָס האַרץ און רעדט, ווי טויזנט פאָנען,
ווי טויזנט פאָנען רייסט זיך מיין באַדאַרף...

איך קען זיך ניט אין אַזאַ נאַכט באַרואיקן,
אַז ס'ציט אַוועק און ס'טראָגט אַף ווייַ און ווינד,
מאַמע, מאַמע, ס'איז דיין זון מעשוגע
און פליט אַרום אַ בלויער אַפן ווינט...

איך קוק זיך איין דורך דאָרשט פון מיינע אויגן
און לענגער-לענגער צי איך אויס מיין האַלז:
געוועזן זיינען שטעטעלעך פאַרלייגט דאָ
אין שטילער רו מיט שטילן ברויט און זאַלץ.

האָב איך אליין געהאָלפן זיי צעשטערן
און אָפּגעשיקט זיי אַלעמען אין רויך...
איצטער הער איך שוין, ווי ס'ציטערן די שטערן,
ווי ס'ציט אַוועק און ס'טראָגט מיך אין דער הויך.

יוני, 1924 יאָר

# ב ר ו י ט

פּאָעמע

## אריינפיר

אַף געסלעך ליידיקע און מידע
לייגן זיך נאָך שטייפער מיינע טריט...
היינט באַטאָג האָט מיך אַ שטעטעלע מיט אידן
אָנגערופן: אַנטיסעמיט!

אַלע זיי אין קנייטשן און אין שמאַטעס,
האָבן אַלץ געוויזן מיט די הענט:
— „אָט דער, — מיר קענען אים, אי אים, אי טאַטע-מאַמע,
האָט ער זיך אַזוי פון אונז פאַרפרעמדט...

ווילט זיך צוגיין, צוגיין און אים זאָגן:
הערסטו, כאָווער, ס'איז אזוי אונז שלעכט,
אויב מע קען אונז אַלעמען דערשלאָגן,
וואָלט בא אונז זיין רעכט...

שווער צו זיין, צו שטאַרבן מיטן שטעטל,
האָסט דאָך אויך אַמאָל דאָ ווען געלעבט,
זאָג, — ווער וועט אונז דאָ רעטן,
ווער וועט איינהאַלטן די קעפּ?...״

האָב איך זיי אָנגעקוקט: אַלע ליידיקע און טויטע,
בערד, און בערד, און ווידער טויטע בערד...
— גענוג, — האָב איך געזאָגט, — פון ליידיקן און גרייטן,
מיט ערד, צו ערד! ווען ניט — איז...

האָט שטעטעלע צעשריען זיך אין פיבער,
יעדעס וואָרט און יעדער טראָט — אַ שניט.
ווייס איך ניט, פאַרוואָס האָט מיך אַ שטעטעלע מיט אידן
אָנגערופן: אַנטיסעמיט.

1

— אזוי, צי אזוי, נאָר סע שמעקט שוין מיט מאַרט,
האָבן אידן געגרייט זיך, גערעדט און געוואַרט.

איז פון שטאָט אָנגעקומען א יונגער יעווסעק,
די ערדן צעטיילט זיי, — און ווידער אין וועג...

זיינען קינדער, און רינדער, און טאַטעס, און פערד
געפאָרן, געקומען, — און אָט איז די ערד...

שטייט דאָרט א פאַלעץ צעשטויבט און צעשטערט,
און מיט לאָזע און גראָז איז באוואקסן די ערד.

האָבן זיך עלטערע אידן פארקלערט...
— וואָס טוט מען, ווי טוט מען, גיי שפיל זיך מיט ערד!

קוקט מען און שווייגט מען... אז גרויס איז די לאסט,
צי וועט מען דאָ בלייבן, צי קומט מען צו גאסט...

איז דער אינגסטער, א פלינקער, אראָפּ אף דער ערד. —
— וואָס איז דאָ צו טראכטן? — און שפּאנט אויס די פערד.

איז דער אינגסטער דער ערשטער צום פאלעץ אוועק,
זיינען אלע אראָפּ פון די פערד. — און אן עק.

2

— „...האָט דאָ געלעבט דער אלטער גראף,
דער אלטער גראף פון טיפן פרייסן.
נו, כאוויירים, — אָן געלאף,
ווילט איר הערן? — הערט די מאיסע.

האָט דאָ געוואוינט אויך יענער איד
און ס׳איז די זאך אזוי פארלאָפן״... — — — —
— „זאָל זיין גענוג! מיר זיינען מיד,
און לאָז אונז שלאָפן!״

3

שטייט א פּאַלעץ איצט ביז דאַך צעשטערט,
און דער גראַף איז שוין פון לאַנג אַנטלאָפן...
ווילט זיך שלאָפן, — שלאָפט מען אַף דער ערד,
אַף פּאַרקעט איז בעסער נאָך צו שלאָפן...

נאָך צערטלט זיך דער מירמל אַף די טרעפּ,
אין א ווינקל הענגט די „פרומע מאַמע”.
מע לייגט אַוועק די פויסטן אונטער קעפּ,
ווערט שוין גוט, און שלעפעריק, און גראַמער!

און זאָל דער ווינט זיך רייסן דורכן שויב
און קלאָגן זיך מיט לעצטן שאַל פון האָרן,
און אויפהויבן דעם כּורבנדיקן שטויב
פון אַלטע ווענט און אויסגעלעבטע יאָרן.

עך, ס׳זאָל נאָר דאָס יאָר אַדורך געזונט
און די זאַטקייט זאָל א וואַקס טאָן אַף די בייטן, —
צעטרייסלען וועלן מיר די כּורווע ביזן גרונט
און אַוועקשטעלן א הויז א צווייטעס.

4

נאכט. פארמאטערט. שווער. שטיל.
ליגן מענטשן מידע אפן דיל.

צעשליידערט און צעוואָרפן אף צעבראָכענעם פּארקעט
שלאָפן מידע מענטשן. נאכט. שפּעט.

האָט זיך אינמיטן נאכט א אינגעלע צעוויינט:
— „כ׳האָב מוירע, מאמע, — לאָמיר גיין אהיים״.

כאפּט זיך אויף די מאמע, — אין דער פּאלעץ פרעמד,
דריקט זי צו איר קינד נאָך נעענטער צום העמד...

— „וועסטו איצטער וויינען, לאָז איך דיך אליין,
א אינגעלע דארף שלאָפן. — און דאָ איז אונזער היים״.

נאכט. פארמאטערט. שטיל. שווער.
שלאָפן מידע מענטשן אף דער ערד.

5

דער פֿאַרטאָג איז פֿריש, און זומערדיק, און ווייך,
און גרינגע ווינטן קומען און פֿאַרגייען.
ציען זיך די זאַנגען מיט מײַלער אין דער הויך
און ציטערן און בויגן זיך אין צווייען.

ליגט אין טוי דער זומער אַפֿן פֿעלד,
דער הימל האָט זיך שוין אַף ראָז צעגאָסן.
מע קוקט אין שויב: דער הימל איז שוין העל.
— אַ גאַנצן טאָג וועט מען היינט קענען קאָסען!

איז גוט אַרויס אין לײַוונטענעם העמד,
די ברייטע הענט אַ פּאָך טאָן אין דער לופֿטן.
שאַ־און־שטיל. עס וואַכט די גאַנצע ערד,
יונגע זאַנגען וויגן זיך און רופֿן...

6

צייטיקט איצט אַ פעלד און גיסט זיך אָן מיט קרעפטן,
— זאַט בין איך און צייטיק: קום און נעם!
סע ציט מיט צוויט, מיט טוי און מיט באַהעפטונג,
און זאַנגען וויגן זיך און ציטערן אין דעם.

אַ פעלד אַ ברייטס — אָן פלויטן און אָן צייכנס...
אַ ראָזער ווינט צעוויגט זיך שטיל און ווייך.
גייט אויף פון פייכטער ערד ביז הימלדיקע הויכן
אַ העלער און אַ זומערדיקער רויך.

נאַכט-און=טאָג, — און זון איז שוין אינמיטן,
פרישע לופט ווערט דורכזיכטיק און קלאָר.
העי, וואו זייט איר, גיכער, יונגע שניטער:
ס'קען די ערד אַ ריס טאָן זיך פון אָרט...

7

עס קלינגט און בלאַנקט אין ברייטן טאָל,
און קלונג־און־קלאַנג פון שאַרפן שטאָל
פאַרגייט זיך אין די קאָסעס...
טוי, און זון, און שטיקער גאָלד
רינט פון הויך און פאַלט אין טאָל,
צעמישט זיך מיט די גראָזן.

די זון איז דאָ, נאָר ס׳איז ניט הייס,
נאָך ליגן טראָפּנס טוי, ווי שווייס, —
צעטרייסל און צעשפּריץ זיי!
קאָסעס ראַנגלען זיך אין גראָז,
קאָסעס ווערן פייכט און ראָז,
פייכט, און ראָז, און היציק.

פייכטע גראָז בלייבט שטיל און רוי,
— ברידער, — הערט, — ניט איילט אַזוי:
קאָסעס ציטערן פאַר שטיינער!
די זון איז הויך, און ס׳העלט און ס׳ברענט,
עך, וואו נעמט מען טויזנט הענט,
אין פאָר הענט איז ווייניק!..

8

און אַזוי האָבן קרעמער געזונגען,
פאַרטאָג בא דעם אַקער אין פעלד:
„מיר וואָלטן קיינמאָל ניט אַרומגיין,
מיר וואָלטן קיינמאָל ניט געזונגען
אָט דאָ מיטן אַקער אָן פעלד.

אַז ווען האָבן פינגער פאַרשמאַכטע,
געוואוינטע צו וואָג און צום פונט,
געקענט זיך פאַרבענקען און טראַכטן
פון רואיקער, זעטיקער נאַכלע,
פון טיפן און זאַפטיקן גרונט?..

אַז קיינמאָל וואָלט אַהין ניט געגאַנגען
אונזער פלינקע און איילקע פוס, —
איז דאָס לעבן געקומען אין ראַנגל,
אין ראַנגל, אין וויי און אין אַנגסטן,
גענומען באַם נאַקן: — מע מוז!

איז אַ סאָף, און אַן עק, און אַן ענדע
צו דעם, וואָס ניט לאַנג איז געווען" — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

אזוי האָבן קרעמער פאַרענדיקט.
און ברייט האָבן פעלדער צעבלענדט זיך,
פריש האָט די זון זיך צעברענט...

# דאָס ליד פון ישואוווניקעס.

9

הענט געהאָדעוועט צום בויען!
איז יעדע האנט אַ קרעפּטיקער בריטאַן,
איז גוט מיט זיי צווישן ערד און טויען
אין ברוסט א זעץ טאָן זיך: — פאַראַן!

פאַראַן אַן ערד, איז גוט אַף איר צו טרעטן...
און דאָס גראָז איז פעט אַזוי און גרין.
בא קיינעם דאַרפן מיר קיין ברויט ניט בעטן, —
מיר רייסן דאָס פון יעדער דעסיאַטין.

ערד, געשמאַקע, פעטע גרונטן.
און זון, וואָס גיסט זיך אָן, וואָס צייטיקט און וואָס ברענט.
מיר שטייען קעגן אייך דאָ הויכע און געזונטע,
נאַט! — מיר שענקען אייך פארהארטעוועטע הענט.

מיר האָבן הענט, און הענט איז אונזער אייגנס,
אַז וואָס פאַרמאָגן מיר נאָך דאָ אַף גאָרער וועלט! — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָבן ישואוווניקעס פאַרצויגן
אַ ליד אַ פּראָסטע איבער פעלד.

הינטער שייער, הינטער שטאָל: שטויב און הייסע ווינטן,
האַלבער טאג, צוויי פּאַסטעכער, אַ סטאַדע און אַ הינטל.

זאַט מיט זון, מיט מילך און גראָז — רוט אַ מידע סטאַדע.
זאָגט דער זיידע: — „אי, אַ היץ!" זאָגט דאָס אייניקל: — אַוואדע!"

זיצט דער זיידע אַף אַ שטיין און גלעט אַ באָרד אַ ווייסע.
— „לאָז צורו די מידע שאָף און — שקאָץ — הער צו אַ מאַיסע:

צוריק מיט דרייסיק-פערציק יאָר, — איך געדענק שוין ניט גענויער, —
האָבן מיר דעם פּאַלעץ דאָ געבויט, שטעטלדיקע בויער.

איז דער גראַף געווען אַ בייזער גראַף, אַ שטרענגער, נאָר אַ וויצלינג,
פלעגן מיר אים רופן: — „פּאַני גראַף" און ער אונז: — „פּאַני איצקי".

האָבן מיר דעם פּאַלעץ אים געבויט — אַ פּאַלעץ אַן אַנטיקל
מיט געזימסן און מיט מירמל-טרעפּ, מיט אַלע זיבן גליקן.

איז, אָט! — ווען מע האָט אין לופטן שוין געשניצט די קאָלאָנאַדע,
האָט זיך איינער פון אונז אויסגעגליטשט, אַ פאַל געטאָן און—נא-דיר!

וואָס טוט מען איצט? וואו לויפט מען איצט? וואו קריגט מען איצט אַ מיטל?
בין איך צום גראַף אַף גיך אַוועק, — צעטומלט, — אין אַ היטל,

און גלייך אין זאַל, און צו דעם גראַף — — —
— — — — — — — — — — צו אַלדי שוואַרצע יאָרן!
פּאַסטעך מיינער — גיב אַ קוק, די סטאַדע קריכט אין קאָרן!"

בלייבט דער זיידע זיצן אַפן שטיין, און דאָס אייניקל אַלץ פלינקער
הויבט די בייטש, און טרייבט און שמייסט — „אַ-וואוהין? — מיזינקע!"

זאַט מיט זון, מיט מילך און גראָז — רוט צוריק די סטאַדע.
זאָגט דער זיידע: — „אי, אַ היץ!" זאָגט דאָס אייניקל: „אַוואַדע"...

און צו דער נאַכט. די זון האָט זיך געזעגנט,
און ס'לעשט זיך אויס סאַף-מאירעווודיקער פלאַקער, —
ווערט דאָס גאַנצע לייב אין מידקייט אויסגעגעסן
און ס'הילכט שוין אָפּ דער לעצטער בלאַנק פון אַקער.

מע קריכט אַרויף אַ מידער אַפן פערד,
אַ צי דעם צוים און, — פערדעלעך, — געשווינדער!
א גאַנצן טאָג האָט מען געאַרבעט שווער,
מוז צו אָוונט ווערן גרינגער...

גייען שווער און שווייגנדיק די פערד,
אַ מידקייט פאַלט און שלעפט די ברעמען.
— אָי, ווער האָט דאָס געזאָגט און ווען,
אַז גרינג איז, ערדעלע, דיך קענען.

נאַ, נעם צעווייע אונזער שווייס,
נעם, דריק צו די מידע גלידער!
און ס'ווילט זיך עפּעס שווער און הייס
אַזוי אַ פאַל טאָן אין דער נידער.

צעיאָגט אַ ליד זיך אַף באַראַט,
— אָי, ווער האָט דאָס אַ ליד פאַרצויגן? —
גייען פערדלעך טראָט-נאָך-טראָט
מיט מידע צוגעמאַכטע אויגן...

זאָלן ווינטן פלינקער זיך צעלאָזן,
זאָקן זאַנגען פאַלן צו דער ערד.
הערט איר, בוימער, הערט איר, גראָזן, —
היינט איז אונז אַ שווערע נאַכט באַשערט...

ס'וועלן בליצן היינט פארדרייען זיך אין רייפן,
און א דונער וועט היינט נעמען שטרענג אַ וואָרט.
לויפן? — —
— — — קיינער וועט ניט לויפן!

עס איז אַ שוץ פאַר אלעמען דער וואַלד דאָ.
העי, כאַוויירים, גיך פאַרנעמט די פערד!
בליצן אויף געשליפענע קינזשאַלן
און גראָבן זיך איין פלינקע אין דער ערד.

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ נאַכט אין שלאקסן, אין שטורם און אין שטויב.
קוקן פרויען שטילערהייט אין שויב.

און קינדער וואַרטן פאַרשלאָפן און פאַרקלערט:
— אַ ראַכמאָנעס אַף די טאַטעס, אַ ראכמאָנעס אַף די פערד!

אז אַ נאַכט אַ פינסטערע איז היינט, פארשטיקט און שרעקט,
אז אַ נאַכט אַ פינסטערע איז פול מיט טויטע העק.

און יעדער אויגנבליק, יעדע איינציקע מינוט
קאָן די נאַכט אַ ריס טאָן זיך מיט אומרו און מיט בלוט.

יאָגן רייטער, — קומען רייטער, — מישן זיך צונויף.
און צום פאַלעץ, — באַ דעם פאַלעץ, — פול איז שוין דער הויף.

עפשער קומען פרעמדע רייטער שטיל און אומגעריכט? —
שווייגן מאַמעס, שווייגן קינדער... מע פאַרלעשט די ליכט...

נאַכט, — און שרעק, — און שווערע שטילקייט. שטייגנדיקע קלעפּ! — — — —
— וואָס האָט איר פארשפאַרט די טירן, ווייבערישע קעפּ?

און עס פראַלן אויף די טירן אין העפקער און אין קראפט —
טאַטעס, ברידער אויסגעווייקט אין רעגנס און אין זאַפט.

ס'איז קיין ברויט אין שטוב ניטאָ נאָך,
שלאָף מיין קינד, מיין שטייפס.
איך קען נאָך איצטער דיר ניט זינגען
פון אַ פעלד, וואָס רייפט...

פעט און זאַפטיק זיינען פעלדער
און אין שטוב איז לער.
באָענט גייט אַרום דיין טאַטע,
רייסט אויף ברייט די ערד.

גייט דיין טאַטע נאָכן אַקער
שווער און אויסגעדרייט,
וועט כאָטש גיין באַ דיר דער אקער,
ווי אַן אַקער גייט...

דו וועסט וואקסן, דו מוזט וואַקסן
מיטן וואוקס פון בוים.
שווערע מי וועט זיין דיין כאווער,
פעטע ערד — דיין היים.

און ווען ס'וועט ווערן, — ווי מע זאָגט אונז, —
גרינג אַף גאָרער ערד, —
זאָלסטו וויסן, אַז דיין מאמען
איז געוועזן שווער...

אין יענעם שאבעס-פרימאָרגן איז דער הימל געגאַנגען קעשורע,
האָבן טאטעס געדאַוונט און זין — אַף די לאָנקעס געלעגן,
האָט זיך פלוצלינג פאַרוואָלקנט, צעוויגט און צעשטורעמט, —
— גוואַלד, גיכער! — אָט ברעכט אויס א רעגן!

האָבן צעלאָזן זיך טאַטעס אין פלאטער, אין רויש פון טאַלייסים,
און מאמעס, און מוידן, און קינדער-קונדייסים —
און אַלע מיט הענט צו דער לאָנקע...

שפילט נאָך די זון אַף די הענט, אַפן היי,
הויבט זיך, און שטויבט זיך, און ס'קלייבט זיך דאָס היי,
האָפּ! — און צעוואַקסט זיך אין קופּעס.
דעקט זיך דער הימל און ס'ווערט עפּעס שטיל, —
רייסט זיך און ס'טופּעט און טופּעט...

און ניט מיט געשרייען, און ניט אַף געשלעגן, —
אַ האלב דאָרף
לויפט
אַהערצו
מיט הילף.

רייסט זיך פון הויך און פון דר'ערד אַ געשריי,
הויבט זיך, און שטויבט זיך, און ס'קלייבט זיך דאָס היי,
האָפּ! — און צענומען אין קופּעס.

גייט מען שוין רואיק פון לאָנקע אַהיים,
אַ דאיגע, זאָל שטורם איצט שפּילן!
גייט מען צוזאַמען, מע רעדט ביז דער היים:
— „אַלי לאָאוקאָיע סענאָ זראָבילי."

שמעקט דער שאַבעס שוין מיט גרויער וואָך,
און די וואָך ווערט רואיקער פון שאַבעס.
באוואקסן שוין פון לאנג מיט שטילקייט און מיט מאָך
אַלע פרומע וועגן פון רעב אַבעס.

נאָר אלטע ציידעס גייען נאָך אין שול,
אַלטע ציידעס זיינען אלץ נאָך ציידעס.
ווערן קינדער דול, — ווערן טאַטעס דול,
ווילט זיך שוין ניט שילטן און ניט ריידן.

גייט מען שטיל, געבויגן און פאַרטיפט,
עס ליגט די שול ביז אַלע ווענט פאַרזונקען.
קומט אָן. און ס'יאָגט, און ס'טראָגט פון קאָלעקטיוו
אַ פולע פור מיט פייערדיקע יונגען.

מיט פעט-פארברענטע ברוינע הענט,
מיט בראָנזענע און אָפּגעברענטע נאקנס:
— גוט-שאַבעס! ציידעס, — ניט דערקענט?..
— כאָטש שעמען זיך האָט איר געדארפט, לאידאקעס!

און ס'פליט די פור, די גאס ווערט דול,
אַ הויב די בייטש, אַ פאָך, אַ פייף, פאַרפלויגן.
גייען ציידעס שטילערהייט אין שול
מיט שווערע און אראָפּגעלאָזטע אויגן...

17

מיט געשטרויכלטע קני און מיט שווערן געמיט
זיינען זיידעס געשטאנען געבויגן.
איז אַ טרויער אַראָפּ פון די ווענט, פון סופיט
און פאַרדעקט, און פאַרטרונקען די אויגן.

איז דאָ ליידיק און שטיל, איז דאָ ליידיק און הויל,
ס׳קאָן די שול שוין קיין רו ניט געפינען.
האָבן זיידעס געדעכנט, געוואַרט און געציילט
און דערוואַרט צו פאַרנאַכט צו אַ מיניען.

ווערט די שול שוין אַ שול, און גאָט ווערט אַ גאָט,
און דער קנויט קאָן שוין ציען און ציען.
איז די טפילע געגאַנגען מיט רואיקן טראָט
ביז — — —

— — —„עינינו בשובך לציון" — — —

האָט זיך פּלוצלינג באַם כאַזן די טפילע פאַרמאַכט,
האָט שוין קיינער ביז סאָף ניט פאַרענדיקט.
ס׳האָבן זיידעס געשוויגן פאַרשטילט און פאַרטראַכט
און געוויינט אַף צעבראָכענע שטענדערס...

18

און שאבעס-פארנאכט בלייבט דאָס שטעטל אליין
און פארשעמט, און פארלאָזט און באליידיקט...
אַז וואוהין זאָל מען גיין, און נאָך וואָס זאָל מען גיין,
אַז אוועק זיינען אַלע אצינד פון דער היים, —
איז דאָ פרעמד, איז דאָ שטיל, איז דאָ ליידיק.

אז אוועק איז די יוגנט די גאנצע אין „הויף"
און צופוס, און מיט פרייד — אַפן יאָנטעוו.
דריקט זיך דאָס שטעטל נאָך ענגער צונויף
און ענגער פארציט זיך אַ בלוטיקער שלייף,
— „אַי, לאָזט אָפּ, ניט דערשטיקט, האָריזאָנטן!..

יאָ, איך בין ווער איך בין, איז מיר — ווינד, איז מיר — וויי,
נאָר איך וויל ניט, איך דארף נאָך ניט שטארבן".

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און צו נאכט האָבן רואיקע ווינטן געוויייט
און די לופט האָט פאַרשמעקט מיט געקאָסעטן היי,
מיט סאָף-יולי און מיט זעטיקע גארבן...

געקומען זיינען געסט פון שטעטל און פון דאָרף
און אַלע זיינען נאָענט און פארשיידן,
געקומען זיינען געסט פון שטעטל און פון דאָרף:
פויערים און שטעטלדיקע אידן.

איז דאָ געדיכט, צעבושעוועט און הייס,
אַ האַרמאָניק שרייט און לידער ווערן נאָענט.
ס'איז דער פאלעץ גרויס, דער אוילעם איז דאָ גרויס.
— און זאָל מען גיך דאָ עפענען דעם אָוונט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

.. האט אַ שוסטער פון שטעטל דעם אוילעם באגריסט,
האט באַגריסט אויך אַ דאָרפישער פויער.
האט דער אוילעם געפּאָכט מיט די הענט, מיט די פיס
און געהאַקט—ביזן פלאַצן פון אויער.

איז ארויף אַף די ברעטער א קרעפטיקער יונג
(א באריכט פון דער אַרבעט צום יאָנטעוו),
רעדט ער און שלעפּט אַזאַ וואָגיקן צונג
און אין מיטן באַריכט—זיך פאַרפלאָנטערט.

שטייט ער און שווייגט... אז ער גיט דאָס אַ מאַך
און אַ פאָך מיט דער האַנט, מיט דער רעכטער.
האָט זיך אַ פאַלעץ מיט אוילעם צעלאַכט
— האָ-האָ!
און האָ-האָ! —
אַ געלעכטער!

— — — — — — — — — — —

באָר אז געסט זיינען פון שטעטל און פון דאָרף
און אַלע זיינען נאָענט און פארשיידן,
גיט מען זיך א שטעל אויף און אַ וואָרף,—
און אַלע ברעכן שוין אַ ביינערדיקס א דריידל...

טאַנצט מען שווער צום העפקערדיקן טאַקט,—
אַ טאנץ אַזא פון גייענדיקע וועלדער...
און נאָענט ליגט אַ ווייכע יולי-נאכט
ינענדיק און טויאיק אַף די פעלדער.

קופּלין — מינסק.

יולי, 1925.

אַווגוסט. איך בין אין שטעטעלע געקומען.
איז אָווגוסט קיל, און דורכזיכטיק, און בלוי,
צו אָוונט רויכערט זיך אַ שמייכלענדיקער אומעט
און פאַרטאָג גייט אויף דאָס שטעטעלע אין טוי.

ס'איז לופטיק-גרינג אין זומערדיקן נעפּל,
פון הויכן ווייט מיט וואַרימקייט און ליכט,
סע שמעקט די לופט מיט ווייניק-קלאָרע עפּל
און אין האַרצן ווערט אויך ווייניק און געדיכט...

איך האָב ניט לאַנג געשאָלטן און געפלוכט דיך,
ליגסטו איצטער, שטעטעלע, פאַרשטילט...
גיי איך אַרום אין רויק פון צוויט און פרוכטן,
און אווגוסט ליגט דאָ דורכזיכטיק און קיל.

אווגוסט, 1925.

איך האָב פלוצלונג היינט דעם טויט דערפילט
און אָפגעשפּרונגען צען טריט אַף הינטער.—
איך קען דאָך נאָך ניט בלייבן שטיל,
ווי דערפעלע פאַרשאָטענעס מיט ווינטער...

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפרייט זיך און געקוויקט
מיט לעצטער רו פון צוגעמאכטע אויגן,
און כ'האָב זיך קיינמאָל ניט געצויגן צו אַ שטריק,
ווי ס'ציט זיך הונגעריק אַן אויפעלע צום זויגן.

זינט איך האָב אַביסל זיך דערקענט,
רוישט אין מיר, ווי פרילינג אַף די הרעבליעס,
און ס'דאַכט זיך מיר—איך טראָג אין מיינע הענט
דעם אָנהויב און די ענדע פון מיין לעבן.

אָי, לעבן מיינס, מיין אומרואיקער פריינט,
איך וועל מיט דיר נאָך לאַנג זיך ניט צעשיידן,—
און כ'וועל געוויס נאָך לעבן זייער לאַנג
און עפּשער לענגער נאָך אַפילע פון מיין זיידן.

און ווען אַ קויל מיך טרעפן שטילערהייט,
וועט מיך די קויל געוויס ניט קענען נעמען.
איך האב עפּעס היינט דערפילט דעם טויט,
און הויב זיך אָן פאַר זיך אליין צו שעמען...

פּעוורעאל 1926 י.

— שווייג, — זאָג איך זיך, — שווייג,
וואָס האסטו זיך, באָכער, צעשריען?
עס ווילט זיך דיר שטייגן,—טאָ שטייג,
עס ווילט זיך דיר פליען,—טאָ פלי זיך!

אַוואַדע איז גוט דיר אַצינד:
דו קענסט נאָך קיין רו ניט געפינען.
נאָר יוגנט פארגייט מיטן ווינט
און אָוונט קומט אָן נאָך באַגינען...

אין צווייט און אין פעכיקן רויך
פאַרלעשן זיך שטענדיק די פרילינגס — — — —
און איך האָב זיך געזעגנט פון הויך:
— אַ דאַיגע!—עס ווילט זיך מיר פליען!"

...„אַף זיינע נאַיווע נאָך אינגלשדיקע
פּלייצעס נעמט מען און מע לייגט אַרויף
אַזאַ מאַסע“.

(ה. לייוויק).

שליידערט, וואַרפט וואָס מערער לאַסטן אַף מיין קאַרק,
כ׳וועל עפּשער פעסטער נאָר צונויפדריקן די ציינער,
און וויפל איר וועט וואַרפן,—וועל איך אַלץ זאָגן: קאַרג!
און ווי עס זאָל ניט שווער זיין,—וועל איך אַלץ שרייען: ווייניק!

וואָס זאָל איך טאָן, אז ס׳איז מיר איצטער גרינג,
און וואָס איך זאָל ניט טאָן נאָר, טוט זיך הויך און הילכיק?...
באדאַרף איך זינגען,—שטיי איך און איך זינג —
און ס׳ענטפערט מיר א טויאיקער דער מילך-וועג.

אַ לעבן וואָלט איך, דאַכט זיך, אומגיין אַף דער ערד
מיט ערשטן טוי און יוגנט אַף די ליפּן
און ווען ס׳וועט ווערן שווער... אז ווי קען ווערן שווער?
ווען יונגע קרעפטן טריפן נאָך און טריפן...

ס׳איז יעדערן געגעבן פול און פיל
און יעדערן נאָך קראַפט פון אייגן גלויבן.
ווער עס קען,—זאָל וויינען אין דער שטיל.
ווער עס האט אַ שווייגנדיקן דיל,
און איך—אַ האַרץ מיט זומערדיקע שויבן...

זאָל קיינער איצט ניט וואַגן אויסלעשן מיין פרייד,
ווען ס׳האט אַ פרייער באזעצט זיך אין מיין האַרצן;
זאָל קיינער איצט ניט וואָגן אויסלעשן מיין פרייד
מיט ווערטער האַרבסטיקע און שוואַרצע.

ניין,—איך וויל ניט. ניין,—איך וויל ניט. ניין און ניין!
בעסער נעמט צעזעצט מיך אָן אַ שטיין,
איידער אויסזעצן די שויבן פון מיין הארצן...

אַז ערד,—דו הערסט, איך וועל אף דיר ארומשפאַנען א יונגער,
ווען ס׳וועט אין קאָפּ אַפילע ווייסן זיך דער שניי.
אַז ערד,—דו הערסט, איך וועל אף דיר ארומשפאַנען אַ יונגער,
ביז מיין לעצט-פארבלוטיקטן און האַרציקן געשריי...

זע נאָר, זיי פאַלן שוין מידע
צום אייגענעם טרויער געווענדט...
שלאָגט, פויסטן—מיינע לידער,
שלאָגט, פויסטן,—מיינע הענט!

אַז מיר הויבן ערשט אָן אונזער אָנהויב
און דעם אָנהויב ביז סאָף נים דערקענט,
קען איך נאָך האַלטן דעם יאָנטעוו
אין אייגענע בלוטיקע הענט.

ווי קען מען שוין בלייבן בארוטע,
ווען דאָס האַרץ האט זיך הילכיק צעברענט...
זינגט, בלוטן, מיינע בלוטן...
זינגט, פויסטן — מיינע הענט.

צו אונז אין סאָד זאָל קיינער ניט אריינגיין,
ווער עס בענקט נאָך שטילקייט און נאָך רו,
ווער עס דארף זיך אויסרוען אַ שווייגן!...
בא אונז אין סאָד רוט שטורם אף די צווייגן
און צווייגן בויגן זיך באלאָדענע מיט פרוכט.

דאָ רוישט די לופט, און ס'רוישן פעטע זאַפטן,
און בוימער רוישן דאָ אין רויער פרייד...
יעדער בוים פארמאָגט שוין הויכע קלאַפטער,
און ווער עס קוקט,—מוז הויך דעם קאָפּ פארוואַרפן
און די אויגן דאָ פאנאנדערנעמען בגרייס.

אין ווילדן וואוקס, אין וואונדערלעכן וואַקסן
האָבן צווייגן דאָ קיין מעסער ניט פארזוכט...
דאָ שמעקט מיט פעך און פרילינגדיקע שלאַקסן,
און קאָרע פלאַצט מיט אויסגעשריי פון וואַקסן,
און בוימער וויגן זיך אין צייטיקייט פון פרוכט...

פעיוראל, 1926.

טריפט די נאַכט איר בלוילעכן טריף
און גייט אויף אין זילבערנעם דרימל.
טרייבט מיך די נאַכט, ווי אַ שוימיקע שיף, —
ווי ווייט איז פון מיר ביזן הימל ?

דאָרטן אין ווייסלעכן שטערנישן שטויב
וויגט זיך אַ לופטיקער לייטער.
איין מאָל, כאָטש איין מאָל, — אַ צי און אַ הויב
אַהינצו — אין בלוי׳ און אין לויטער !

שטעל איך זיך אויף און איך שריי דורכן ווינט,
און ס׳יאָגן די גאַסן אַנטקעגן.
אױף שטאָט און אויף מיר, — אױפן ערדישן קינד, —
שפרייט זיך אַ זילבערנער רעגן...

ס׳קען זיין, אַז כ׳בין אַ טרייפער ביין,
און ס׳איז מיין קאָפּ צו שטילקייט ניט געלערנט.
ווייס איך ניט און קען זיך ניט אליין
און קען נאָך ניט ארומטעסען מיין לעבן.

וואָס ווייס איך דען פון אויסגערוטן בליק,
פון פינגער ווארימע און צאַרטע?
מיט האַרטע טריט און האַרטן בליק
אנטלויף איך שטענדיק פון מיין האַרצן.

איך וויל ניט און איך קען ניט, אַז א האַרץ
זאָל ציטערן, זאָל בעטן זיך און וויינען,—
שוין בעסער גאָר אף שטיינער-האַרט
אזוי אַ בראָך טאָן זיך פאַרשטיינערט.

ווי פליגלען פון א ווינטמיל דרייט זיך אום מיין אומרו,—
עס קען מיך אלץ ניט זעטיקן דער ווינט...
מיט פליגלען-הענט, וואָס װעלן מוזן קומען,
פלי איך אום אַ הונגעריקעס קינד.

און ס'איז מיר קאַרג, און ס'איז דער טאָג מיר ווייניק
מיט אלע זיינע פיראונצוואַנציק שאָ,
איך קען זיך אלץ ניט אויסבויען קיין וואוינונג
און רואיק זיך אַוועקלייגן: אָט דאָ.

איך וועל קיין רו שוין קיינמאָל ניט פאַרמאָגן,
ווי איך האָב קיין רו ביז איצטער ניט פארמאָגט...
און שפעט באנאַכט איך קום צו זיך און זאָג זיך:
פארבלוטיקטער, מיין אומרואיקער, יאָג!

יאָג און יאָג ביזן לעצטן שפור פון קרעפטן,
ביז לעצטן ריר פון דיינע הייסע טעג,
און וועט אַ קויל א ליכטיקע דיך טרעפן,
וועסטו נאָך לאַנג זיך יאָגן אָף דיין וועג.

און יעדער טריף, און יעדער בלוטיק טראָפּן,
וואָס רינט פון הארצן דיינעם צאַרט און הייס,
וועט שטיל זיך אויסלייגן באַ דיר צוקאָפּן
א גרויסע און א וואונדערלעכע טרייסט...

מיילע, — זאָג איך, — ס׳איז מיר עפּשער צייט שוין
ווערן רואיק און געשטעלט,
ווען עס גיסט זיך אָן און צייטיקט
טיף אין מיר אַזאַ מין וועלט...

לייג איך צו צו ברוסט מיין אויער
און דערפריי זיך: ווי עס הילכט!
אויב עס וואוינט אין מיר אַ טרויער,
איז ער אויך פון בלוט און מילך...

אלץ איז יונג, און פול, און שטארק שוין,
און עס שרייט אין מיר מיין קראַפט.
נעמט צעשניידט מיך, נעמט צעהאקט מיך,—
וועט אַ שפּריץ טאָן פרישע זאַפט.

•

קוק איך הויך אַף מיינע אַקסלען,
אף די שטייפע הענט און פיס:
— יונגער יונג אין יונגן וואקסן,
זיי געבענטשט און זיי געגריסט!...

# קאַטערינקע

(פּאָעמע)

## אַרייַנפיר

העי, צעשריי, צעשפּיל זיך, קאַטערינקע,
דו האָסט ביז איצט געליטן אין דער פרעמד!
אַ דאָרשטיקע, אַ פריילעכע און פלינקע
האָסטו זיך אומגעשלעפּט אין אָרימינקען העמד.

אונזער שטים האָט קיינער ניט געפּיעסטעט,
אונזער בלוט האָט קיינער ניט געשטילט,
פון יעדער שויב און יעדן זאַטן פענסטער
מע האָט אין אונז געשליידערט און געצילט...

אין געסלעך צעקרימטע און פאַרדרייטע
פאַרזונקענע אין בלוט און אין געוויין
האָסטו געוואָלט פאַרהוליען יעדנס ווייטאָק
און ניט געקענט צעהוליען זיך אַליין...

אין האַרטע טעג, אין האַרטן לויף פון יאָרן
מיר האָבן זיך אַ ריס געטאָן אין קאָן
און שווער געשריען און געוואָרנט
אין אונזער שטעכיקן און האַרציקן זשאַרגאָן.

העי, צעהוליע און צעשפּיל זיך, קאַטערינקע,
אין שאַלן, אין געשרייען און אין קלעפּ,
ווער עס דאַרף און ווער עס מוז פאַרזינקען,
זאָלסטו שלאָגן, ווי אַ דונער אף די קעפּ.

מיר ווילן און מיר קענען צאַרט זיין,
נאָר מיר ווילן ניט און קאָנען ניט אַצינד.
אויב געזונגען, — איז פון פולן האַרצן,
אויב געהוליעט, — איז געהוליעט, ווי דער ווינט.

פון שטויב, פון גאַס, — און ביז די העכסטע פענסטער
אונזער ליד זאָל זינגען, ווי אַ פאָן.
מיר זיינען איצט די שטאַרקסטע און די שענסטע:
איך, און דו, און קויטיקער זשאַרגאָן.

1

מיידל, דו, מיט זומערדיקע הענט,
מיט שלאַנקן וואוקס פון שווייגנדיקע בוימער, —
עס איז דיר גוט אין רו פון ווענט,
אין זאַטער שטילקייט פון דיין וואוינונג!

באַ דיר אין צימער איז נאָך קיל,
סע שווייגט פארשטיקט דער זומער אף די בלומען.
און אין דער נאכט, און אין דער שטיל
איז דאָ אזוי פיל רו און אומעט.

.2

אָוונטיקעס, שווייגנדיקעס מיידל
מיט איינגעשפּאַרטער שטילקייט אין געזיכט,
גוטן-אָוונט דיר! און לאָמיר בעסער ריידן
און אָנצינדן אין צימער אלע ליכט...

איך בין נאָר וואָס געקומען פון טראַמוואַיען,
געבראַכט אַהער אַ פריידיקן געשריי...
שוין אָוונט. און די שטאָט איז פול מיט פייער.
פארוואָס זשע קוקסטו שווייגנדיק אַזוי?

3

האָסט גערופֿן, — בין איך אַריין אַזוי בלייך
און ניט געקאַנט מיינע אַקסלען פֿאַרהויבן,
ניט געקאָנט דיך אַ הויב טאָן אין הויך
און — אַ פֿאָך, און — אַ זעץ, און — צעשטויבן.

איך האָב דאָך אזוינע, ווי דו,
נאָך נעכטן אָף שפּיזן געשליידערט
און געפּאָכט און געצילט אין דער רו, —
און אצינדער שטיי איך און לייד דאָ.

קינד, מיין צעשראָקענעס קינד,
מיט צעשראָקענעם ווײ אָף די ליפּן,
זאָג, — וועל איך פֿאַלן צום דיל
און בויגן זיך, וואָיענדיק, טיפֿער.

נאַ מיין פֿויסט, נאַ מיין קאַרק — און צעבייס,
זעץ אָן בלויע צייכנס, ווי פּערל.

— — — — — — — — — — — — —

ס'האָט א האַנט אַזוי לופּטיק און ווייס
געקילט מיין צערודערטן שטערן.

4

עס זינגט אין מיר! איך וויל דיך היינט דערשפירן
לייב צו לייב און נאַקעטקייט צו נאַקעט.
עס רייסט אין מיר, עס ציט אין מיר
און ס׳גיסט זיך אָן מיין שווערער האַלז און נאַקן.

איך קאָן שוין ניט באַרואיקן די הענט
און איינהאלטן זיי האָריקע און האַרטע.
ס׳ווערט ענג דער דיל, און ענג די ווענט,
און ענג אין צימער און אין הארצן.

או זאָג מיר: גיי! און זאָג מיר: זיץ!
וועל איך אצינד זיך ניט צעשיידן.—
עס שלאָגט אַ קעלט, עס שלאָגט אַ היץ
פון מיר, פון דיר, פון אלע דיינע קליידער...

5

שטילער-שטילער ציטערן די שויבן
און אָוונט וועבט זיך ציטעריק און דין...
דו האָסט די אויגן העלער אויפגעהויבן
און בויגסט זיך קניענדיק נאָך טיפער צו דעם דיל.

קומט צו גיין אַ שאָ, איינע און א צווייטע,
און שטילקייט קומט צו גיין, און שטילקייט גייט ארויס.
פון וואַנען נעמט זיך דאָס, פון וואנען קומט א ווייטאָק
און בויגט דיך איין און לעשט דיך אויס?...

6

אַ בענקענדיקער פּאָרטעפּיאַן, נאָטן און שאָפּען,
און פלינקער לויף פון ווינטלדיקער גרינגקייט,
אין מיטן נאַכט, אין רו פון ווענט
פאַרגייען זיך אין שטילקייט דיינע פינגער...

וואָס ווייַנען דאָס באַ דיר אזוי די הענט?
פון וואָס האָט דאָס שאָפּען אַזוי געטרויערט?
אָ, לערן אויס, עס זאָל אָט דעם שאָפּען
פאַרנעמען אויך מיין אומרואיקער אויער!

איך האָב דאָך אין מיין יוגנט נאָר געהערט,
ווי הייזעריק עס ציט א קאַטערינקע.
זאָל זיין גענוג! — איך קאָן ניט מער
אין ווייסער רו פון דיינע ווינקלען.

וועמען ס'איז געגעבן פריד און רו,
און וועמען ס'איז אין אומרו גרינגער...
א פּאָרטעפּיאַן אין בענקשאַפט, איך — און די
און פלינקער לויף פון דיינע פינגער...

7

דו לאַכסט פון מיר? — לאַך, לאַך,
איך בין אַף דיר ניט ברויגעז.
איך האָב די אויגן צוגעמאַכט,
קילע רו און קילע נאַכט
רוט אַף מיינע אויגן...

נאַרעלע, — דו מיינסט, איך שווייג,
איך שווייג דאָך ניט: איך פריי זיך.
ווי יונגע ווינטן אַפן צווייג,
ווי יונגער פויגל אַפן צווייג,
מיין האַרץ מיין יונגס, פאַרגייט זיך.

דו זאָגסט: דאָס איז גאָר ניט שאָפען, —
דו האָסט געשפּילט מאָצאַרטן?
זאָל זיין מאָצאַרט! — איז וואָס? איז ווען?
אַז עפּעס רינט פון דיינע הענט
מיט אַזאַ קאַלטער צאַרטקייט...

וואָס האָסטו פלוצלונג זיך פאַרמאַכט
און אָפּגעשטעלט מאָצאַרטן?
לאַך פון מיר. לאַך, לאַך!..
פאַרוואָס זשע האָסטו זיך פאַרמאַכט
מיט אומעטיקן האַרצן?..

8

שפיל אַ פריילעכס! שפיל מיר איצטער עפּעס,
איך זאָל מער ניט פילן דיין פאַרגיין.
אין די וויסטע וועלדער, אין די פּוסטע סטעפּעס
זאָל דיין ווייטאָק אויסגיין און פאַרגיין...

ווער האָט דאָס דיין יוגנט אָנגעפילט מיט אומעט
און דיין יוגנט יאָגנדיק צעווייט?
שפּיל אַ פריילעכס! איך בין צו דיר געקומען, —
זאָל אַף דיר אויך נידערן מיין פרייד!

אַ פּאַרטעפּיאַן און דו דאָ. ווער פון אייך איז עלנט,
ווער פון אייך פאַרגייט זיך אין געוויין?
אין די וויסטע וועלדער, אין די פּוסטע פעלדער
זאָל דיין ווייטאָק אויסגיין און פאַרגיין.

9

קענסט ניט זינגען? — וועט זיך איצט צעהוליען
מיין פלינקע און מיין האפערדיקע ליד. —
ערגעץ אין אַ שטעטל און ערגעץ אין פּאָדאליע
האָט געלעבט אַ סאמעטענער איד.

האָט דער איד געהאַנדלט מיט שווייגנדיקע וועלדער
און די בוימער איינציקווייס צעהאַקט,
און זיין יונגע טאָכטער ניט פאַרהיט פון עלנט,
און זיין יונגע טאָכטער ניט פאַרהיט פון צאַר.

געדיכטער ווײ פון וועלדער, ביז וואָרצל אויסגעדרייטע,
איז אַף איר געפאַלן, ווי אַ שרעק — — —
וואָס קרימען זיך די ליפּן באַ דיר אין שטומען ווייטאָק?
פאַרוואָס האָסטו די אויגן צוגעדעקט?

ווײל איך מער ניט זינגען. זאָל דיר ווערן גרינגער, —
האַק זיך אָפּ, מיין אומעטיקע ליד!
עך, געווען, — און טויזנט מאָל נאָך זינגען:
האָט געלעבט א סאַמעטענער איד.

האָט ער אָנגעקליבן פריערים פאַרווייעטע
און מיט זיי אַליין אין וואַלד אַוועק.
האָט דער וואַלד צעוויגט זיך אין כורבן און אין ווייטאָק
אונטער שאַרפע שטאָלן פון די העק.

הוק-און-האַק! און נאָך אַמאָל! און שטאַרקער!
ס'איז אַ בוים געפאַלן צו דער ערד.
— — — — — — — — — — — — —

אָי, בין איך אַ נאַרישער, אַ שטעכיקער און — האַרגע!
פאַרוואָס האָסטו זיך אומעטיק פאַרקלערט?...

דו זאָגסט, דו פאַרשטייסט קיין זשאַרגאָן ניט,
אַ דאַיגע, נו, רוף דאָס זשאַרגאָן!
ווען ס'פלאַסערן ווערטער, ווי פאָנען,
וואָס גייט דאָס אינגאַנצן דיר אָן?...

אַכמאַטאָוועס טרויער געפעלט דיר, —
טאָ טרויער מיט סאַמעט פון בליק:
„Я на правую руку надела
перчатку с левой руки“

ווייסטו? — עס האָט זיך געדאַכט מיר,
ניטאָ שוין אַזוינע, ווי דו.
צערונען, ווי בלויע פאַרנאַכטן,
פאַרגאַנגען אין בענקענדער רו.

שטייסט ווידער איצט שלאַנק, ווי אַ אינגל,
שוין ווידער געקומען... נו, זאָג,
ווער הענגט דאָס באַ דיר דאָרט אין ווינקל:
אַכמאַטאָווע אַנא, צי בלאָק?

ווייען, ווייען רואיקע גאַרדינען
און אַ שטילקייט ליגט נאָך אַפן דיל,
העל און רואיק קומט אָן דער באַגינען
און דאָ איז נאָך שלעפעריק און שטיל...

נעם, זעץ אויס: גאַרדין, און שויב, און פענסטער,
זאָל אַ ווינט ריס-טאָן זיך אַהער.
און קוק: עס שפּאַנט ארום דיין שענסטער
צווישן אַלע שענסטע אַף דער ערד.

איבער יעדן פלאַטערט אַ לעגענדע
און ווינט, און פונק, און פלאַם אונטער די פיס.
און קומט מען אָן פון שטעט, און קומט מען אָן פון לענדער
און אַלע ווערן שפּאַנענדיק באַגריסט.

ווּעסטו קענען, — ווּעסטו אויך נאָך קומען,
אז מיר טרייבן קיינעם ניט אַוועק...

— — — — — — — — — — — — —

עך, איז גוט נאָך רו און נאָך דיין אומעט
מיט גאַס און מיט באַגינען אַפן וועג...

12

וואָס טו איך דאָ? וואָס דאַרף איך דאָ באַ דיר?
צו וואָס האָב איך געטרויערט מיט שאָפּענען?
ווען כ'וואָלט אַזוי אַ ריס טאָן דורך דער טיר,
וואָלט איך זיך ווידער שוין אין רואיקייט דערקענען.

כ'וועל באַ דיר נאָך זיין אַ פּאָר מינוט
און וועל דיין טיר פאַרמאַכן, ווי אַ סוינע,
ווען ס'רעדט מיין בלוט, ווען ס'וויינט נאָך דיר מיין בלוט,
וועל איך מיין בלוט צעטרעטן אַף די שטיינער.

און ווידער וועל איך טראָגן איבער שטאָט
און יאָגן פון אַ מויער צו א מויער.
פאַרשעמט זאָל זיין מיין יעדער טראָט,
וואָס שלעפּט נאָך הונגעריק מיך צו דיין טרויער.

נו, זיי געזונט, פאַרבלייב געזונט, —
נאַרישע, גרויאויגיקע, וואָס ווייסטו? —
ניט רייץ אַ יונג, אַ הונגעריקן יונג,
ווען ס'שווייגט דער יונג אין הונגער א צערייצטער.

נו, זיי געזונט, — געבוג. — און גוט!
און ס'האָט די טיר פאַרמאַכט זיך מיט אַ סינע.
ס'קען זיין — אין גליק און בלוט
יועסטו נאָך עפּשער ערגעץ מיך געפינען..

אָקטיאַבר־נאָיאַבר 1925

## לידער וועגן לידער.

1

נאָך וואָס האָב איך זיך אויסגעלערנט זינגען לידער, —
קנאַפּ איז מיר דער אומרואיקער ווינט?..
קאָפּ מיינער, מיין נאַרישער און מידער,
קום איך וועל דיך וויגן, ווי אַ קינד;

עס האָט דיין טאַטע פון לידער ניט געוואוסט גאָר,
שווערערהייט געלייענט אָס נאָך אָס — — —
וואָלסט אויך, ווי ער, געווען אַ פּראָסטער שוסטער,
געזונט, און ביינערדיק, און פּראָסט.

און ווען דער טאָג וואָלט זיך געשטיקט מיט פאַרבן,
דיין הייזעלע וואָלט אומוויגן דער ווינט, —
וואָלסטו, ווי ער, געזונגען באַ דער אַרבעט
און ניט געוואוסט אַליין גאָר, אַז דו זינגסט...

און גרינג וואָלט זיין מיט מידקייט אין די גלידער,
און אַלע מאָל וואָלט דיר אין קאָפּ זיין גרינג.
נאָך וואָס האָסטו זיך אויסגעלערנט זינגען לידער,
קאָפּ מיינער, — מיין אומרואיקעס קינד?

טראָגט יעדערער פון אונז אַ שטיק מעשוגענעם אין האַרצן,
און ס'איז אונז שווער, און ס'איז אונז הייס...
מיר צעפּענען די אויגן אין פייערן אין שוואַרצע, —
ווערן זיי אי אומרואיק, אי גרויס.

ווייס איך ניט, פאַרשטיי איך ניט, פון וואַנען קומט דער אומרו,
פאַרוואָס עפּעס שלאָגט שווער אַזוי אין שלייף,
און וואוהין מע זאָל ניט גיין, און וואוהין מע זאָל ניט קומען,
דרייען זיך די ליפּן שטרענג צונויף.

אַוואַדע וואָלט זיין גוט, אוואדע וואָלט אונז גרינג זיין,
ווען מע קען אַזוי צונויפדריקן דאָס האַרץ
און מער ניט בעטן זיך, און מער ניט זינגען
און זיך אליין אַ זאָג טאָן: — אַי, דו נאַר,

נאַר, דו יונגער נאַר, אין יוגנט און אין קרויזן,
קראַנק ביזטו צו זיין געזונט און שטייף?
און ווערט דיר שווער, — דריק צו דעם דיל און — פויזע,
און איז דיר גרינג, — צעשריי זיך און צעפייף!

3

האָבן טאַטעס אַלץ געמידט זיך און געשלעפּט,
שווערערהייט פאַרשטיקט אין זיך געשרייען,
און אונז גענערט מיט אומרואיקע טעג,
און אונז פאַרליבט אין אומרואיקע ווייען.

— — — זיינען מיר אַצינדער דאָ
מיט האַק, מיט פּאַק, מיט לעבן און מיט פלאַטער,
עס רייסט פון אונז, עס שפּאַרט און שלאָגט
מיט שווערער קראַפט פון הונגעריקע טאַטעס...

וואַקסן זינגער איצטער זאַפטיק און געדיכט,
און קומען אָן פּאַלאַנגעס נאָך פּאַלאַנגעס, —
עס שמעקט פון אונז מיט אומרו און מיט ליכט,
מיט ערשטן וואוקס פון פרילינגדיקע זאַנגען.

4

מיך אַרט ניט, אויב די אייביקייט וועט מיך ניט קענען,
אויב קיינער וועט ניט כאָוועשן מיינע טריט..
אָט איצט,—אַצינד, ווען הערצער ברענען,
קום איך אָן מיט פויסטן אין מיין ליד.

אַוואַדע וואָלט איך וועלן זיך פאַרזינגען,
דאָס גאַנצע האַרץ צעווייען מיטן ווינט,—
נאָר איך קען דאָך ניט, אַז מיר זאָל גרינג זיין,
ווען ס'איז נאָך אַלעמען ניט גרינג!

איך האָב נאָך אַלץ ביז איצט ניט פיינט די שטערן,
מיט ווינטן איז מיר אַלע מאָל נאָך גרינג,
נאָר איך וויל אַצינד ניט הערן,
ווי ס'רוישט אַף מיר אַ שטיפערל אַ ווינט.

אַרט מיך ניט, אויב אייביקייט וועט מיך ניט קענען,
אויב קיינער וועט ניט כאָוועשן מיינע טריט,—
אָט איצט,—אַצינד, ווען הערצער ברענען,
דאַרף איך קומען מיט מיין ליד!

# הארבסט.

איך זאָג אַזוי: אין אָנהויב הארבסט
ווערט נאָענט ליב דער זומער.
פון קילן שלייף ביז טיף אין האַרץ
גייט אויף און ס'בלייבט אַן אומעט.

אַזאַ מין ווײ, אין לעצטן טאָג,
אין לעצטן ביסל העלקייט,—
געווען אַ זון, און איז ניטאָ
און שווייגט שוין אַ פאַרוועלקטע.

ווי זאָל איך איצט באַדויערן די פרייד,
דעם קילן טאָג,—דעם ערשטלינגל פון האַרבסטן.
אַ טאָג גייט אויף, אַ טאָג פאַרגייט,
און ס'בלייבט אַ שטילקייט אין מיין האַרצן...

איך גיי און גיי,—און ס׳רופט דער וועג אַלץ ווייטער,
אַזאַ מין העלע זומערדיקע שטאָט!
עס איז דאָך האַרבסט, נאָר האַרבסט איז היינט געלייטערט,
און ס׳דאַכט, עס איז אַ פרילינגדיקער טאָג.

גיי איך, גיי איך, און ס׳ווילט זיך אַלץ אַרומגיין,
אַז ווי קען גאָר פאַרגיין אַזאַ מין האַרבסט!
הויך אין לופט האָט דורכזיכטיק געקלונגען,
ווער האָט דאָס געקלונגען?—שטאָט, אָדער מיין האַרץ?

וויל איך ניט און קען נאָך גאָר ניט גלויבן,—
ס׳וועט ווינטער זיין, און שניי, און ווייסע קעלט.
ברינג אַזוי,—פאַרהויבן זיך די אויגן
און כ׳קוק אַריין אין אויסגעשטראַלטער וועלט...

פייכטער פאַרלאָרענער ווינט
אַף פייכטע פאַרלאָשענע סקווערן.
שטיל אַזוי האַרבסטיק און בלינד
וויגט אַ פאַרלאָרענער ווינט
אַ לעצטן און בלייכן לאַמטערן...

שווער ווערט היינט שטאָטיקער שטיין,
און ס׳הילכט און ס׳צעברומט זיך דער אייזן.
איך גיי. אַז וואוהין זאָל איך גיין?..
שטאָט האָט פאַרשטיקט זיך אין שטיין,
אין וואַרימער שטילקייט פון הייזער.

אַ לעצטער פאַרבענקטער טראַמוואַי
איילט איצט אהיים אַף געלעגער,—
שטעל איך זיך אָפּ און איך שריי:
— נאָענטער, מידער טראַמוואַי,
שווער אונז אין האַרבסטיקן רעגן?

הערט ער זיך צו—און פאַרשווינדט
מיט שלאָף און מיט מידקייט אין גלידער.
— — — — — — — — — — — —
א נאַכט האָב איך דאַן מיטן ווינט
געיאָגט אַזוי מאָנענדיק-בלינד,—
צוויי נאָענטע, לייבלעכע ברידער.

## שניי־ליד.

דעם צאַרטן גלעט פון קאַלטן שניי
נעם איך היינט אויף מיט ברייטן שמייכל.
עס איז מיר גוט, — איך גיי און גיי,
און ס׳קען דער ווינט מיך ניט דערגרייכן.

עס יאָגט און ס׳טרייבט מיך אין גאַלאָפּ,
מיין ברוסט ווערט פול מיט פרייד־געשרייען.
און אָט אַזוי מיין הייסן קאָפּ
איך וויקל איין אין שפּיל פון שנייען.

איך טרעט דעם שניי מיט גיכן טראָט,
דער שניי דערגרייכט מיר ביז די קניען!
אָי, ווי גרינג איז איצט די שטאָט,
און איך אַליין בין גרייט צו פליען...

## ווינטער.

.1

איינער אַליין דאָ, אין נאַכט און אין שניי,
און שליטן שוויגט אויך שוין א מידער...
עפּעס איז מיר אַ שאָד היינט מיין יונגער געשריי
און וואַרימע פרייד פון די גלידער.

איך וויל ניט, אַז שניי, אַז אַ דאָרשטיקער שניי
זאָל טריפן מיט שלאָף אין די בלוטן,
און איך זאָל זיך לעשן, ווי וואַרימע שויב
אין ווייטן פאַרווייעטן כוטאָר...

לאָז איך דעם שליטן. אַ טראָט נאָך אַ טראָט.
ס׳וועט וואַרים דער שניי אַף מיין שטערן.
לאָזט מיך דערטראָגן ביז נאָענטער שטאָט
מיין קאָפּ, ווי אַ העלן לאַמטערן!..

.2

אַ קילער און דואיקער שניי
פאַלט, ווי אַ פרייד אַף מיין שטערן.
מיר ווילט זיך מער גאָרניט,—נאָר הערן:
עס פאַלט אַ פאַרשלאָפענער שניי
אַף מיין הייסן פאַרמאַטערטן שטערן.

איך ווייס ניט, וואָס מידקייט באַדייט,
נאָר היינט בין איך עפּעס אַ מידער.
עס לייגט זיך אַ ווייסקייט אַנידער
שטיל אַזוי נאָענט און ווייט
אַף מיינע באַרואיקטע גלידער.

אַז די נאַכט וועט נאָך דויערן לאַנג,
און דער שניי וועט נאָך שיטן און שיטן,
וועל איך אויסטאָן מיין פעלץ און מיין היטל:
זאָל דער שניי, ווי אַ ווייסער געזאַנג,
שיטן, און שיטן, און שיטן...

.3

וואונדערלעך-רואיק און וואונדערלעך-העל,—
אַ נאַכט ליגט אַף פראָסטיקע זיילן.
שטילקייט און שניי, און פאַרווייעטע וועלף
אַף ווייסע פאַרגעסענע מיילן.

פראָסטיק און הילכיק און מוטערלעך-קאַלט,
אַ טוי קילט מיר צערטלעך די ליפּן,
גיי איך אַליין דורכן זילבערנעם וואַלד.
סקריפּעט...—די טריט מיינע סקריפּען.

רואיק און קלאָר. און מיין וועג איז נאָך גרויס,—
צי וועל איך דערגיין ביז אַ כוטאָר?
אַ וואָלף זאָל אַפילו אַצינדער אַרויס, —
בין איך אים אַ ברודער אַ גוטער.

איז גוט, וואָס אַן איינציקן, פראָסטן ציגאַר
טראָג איך מיט זיך, ווי אַ שמייכל!
שטעל איך זיך אָפּ. פאַרויכער און וואַרט.
שווייג איך אַ מידער און רויכער...

שווייג איך אַזוי זיך מיט ווינט און מיט פראָסט,
דער ציגאַר ווערט אַלץ שטילער און שטילער,
און פּלוצלונג דערפיל איך,—אַ לעצטער פאַרדראָס
ווערט קלאָר, ווי דער מילך-וועג אין הימל...

.4

איך בין צום טייך געקומען טרינקען רו
און אָפּגעבּן זיך שמייכלענדיק דעם ווינטער:
— נאַ,—אָט האָסטו מיך! און זיי מיט מיר אַף דו
און טרינק מיך אָן מיט דיינע קלאָרע ווינטן.

עס איז מיר הייס און אומרואיק אַזוי,
און הינטער מיר נאָך שפּילן זיך גאַלאָפּן,—
לייג מיך אויס אַ ברייטן אַפּן שניי
און לייג אַוועק דיין ווייסע רו צוקאָפּן.

וועל איך זיך ליגן דורכזיכטיק און קלאָר,
און ס'וועט פון מיר מיין שמייכל ניט פאַרשווינדן.
דערנאָך וועל איך זיך אויפשטעלן און—גאָר:
און זיי בעזונט, מיין שמייכלענדיקער ווינטער!

.5

בלוי-דורכזיכטיק און פריש איז היינט דער פראָסט
ריין און רואיק זיינען היינט די ווינטן—
זון, און שניי, און לופט, ווי בלויער גלאָז,
זון, און שניי, און גינגאָלדענע ווינטן...

אין ווייסע רו פון אויסגעשטראַלטן פעלד
וועבט זיך אויס צוביסלעכוויַיז מיין אומרו.
ווייס און האָריק שווייגט אַצינד די וועלט,
דאַכט זיך מיר, עס איז גאָר טיפער זומער.

וועל איך זיך באַלד אַ שליידער טאָן אַזוי,
אין טיפן גראָז מיין גאַנצעס לייב פאַרשלעפּן.
און —
סע שמעקט שוין ווייך און צאַרט דער שניי
מיט צוויט און צייטיקייט פון עפּל.

יאַנוואַר 1926 י.

עס איז די נאַכט היינט צאַרט, ווי א גיטאַרע,
און איך אליין ווער אויך, ווי א געזאַנג...
און קיין זאַך טוט ניט באַנג,
און קיין זאַך קאָן ניט אַרן
אין בלויער נאַכט, ווען נאַכט איז א גיטאַרע,
ווען נאַכט איז הויך און צאַרט, ווי א געזאַנג.

פון ברייטער ערד, — ביז שטילקייט אף די שטערן
איז אויסגעשטראַלט, און אומרואיק, און שטיל,
און ס׳גיסט זיך אָן א זוניקער אַפּריל,
און ס׳ווערט מיר קאַרג, און כ׳ווער ניט זאַט פון הערן,
ווי פרילינג רייפט, ווי ס׳ציטערן די שטערן,
ווי טיף אין מיר גיסט אָן זיך דער אַפּריל...

ווערט זיס די לופט, און פּעכיק-פּעטער פרילינג
רויכערט זיך שוין ווארים פון דער ערד, —
און ס׳איז מיר גליקלעך-שווער,
און איך בין היינט מיט רואיקייט באַווילקט—
שפּרייט איך אויס די הענט מיינע צום פרילינג
און צי זיך א פאַרליבטער צו דער ערד...

דער אינגסטער אַפילע פון אונז
איז געבענטשט שוין מיט האָריקע אַקסלען.
אין יעדן גייט אויף דער טריבון,
און דאַרף ער נאָר האָבן די זון, —
קען ער ביז הימלען דערוואַקסן.

אָט דאָ אַף דער הילכיקער ערד
לעבט נאָך די שטילקייט און לויערט.
און ווען ס׳איז טרויער באַשערט,
וועט ער אָט דאָ, אַף דער ערד,
צעטרעטן דעם אייגענעם טרויער.

יאָ, ס׳איז פאַראַן אַ געפאַר:
מיר קענען נאָך בלייבן באַרוטע.
ווייך אַזוי רואיק און צאַרט
קען דאָך אי זאַטקייט, אי צאַאַר
באַרואיקן אונזערע בלוטן...

נאָר ס׳איז דאָך אין אונזערע טריט
פאַרבאָרגן אַ שטענדיקע גוואורע.
מיר קענען דען רוען? — אי, ניט!
ווי ס׳פאַרבענקען זיך גאַסן נאָך טריט,
בענקען מיר אַלע נאָך שטורעם...

יוני 25 י.

רואיק, מיין בייזער געמיט;
טיף ערגעץ דאָרטן אין האַרצן
קען ווידער אַ שטיק דינאַמיט
האַסטיק אַ ריס און אַ פּלאַץ טאָן.

ס׳קען ווידער מיין קרעפּטיקע פּיין
צעשרייען זיך שווער אַף די ליפּן...
היינט ווילט זיך מיר רואיקער זיין,
דערפילן מיין גרויזאַמע ליבשאַפט.

אַז ניין,—ניט קיין האַס נאָר אַליין
איז הילכיק אין מיר זיך צעוואַקסן.
אַז ניין,—ניט קיין ברויגעזער שטיין
האָט אין בוזים באַ מיר זיך פאַראַקשנט...

עפּעס פיל איך אַ ליבשאַפט אַצינד
אין אַלע פיר וועלטישע ווינקלען
און איך גלויב היינט נאָך מער פון אַ קינד
און איך פריי זיך נאָך מער פון אַ אינגל...

רואיק, מיין בייזער געמיט,
רואיק, איר וועלטישע פריידן!
און איך בין שוין מיט הילכיקע טריט
אַוועק מיט מיין פרייד אין אַ דריידל.

...אויב אַזאַ צייט וועט נאָך ווען-עס-איז זיין,
איז ניט איך און גיט דו, — ס'וועלן אַנדערע זיין...

אַלץ איינס, אויב מיין קינד וועט אַמאָל נאָך דערזעען,
בלוטיקע ציגל אין זויבערע ווענט. —

מיר זיינען געווען און מיר האָבן געלעבט,
אָי, מיין קאָפּ, אָי, מיין האַרץ, ביזט אַליין זיך ניט ווערט.

יעדער טאָג גייט אַדורך, יעדער נאַכט פּאַלט אַוועק,
און וואָס בלייבט, אויב ניט שיין הינטער אומרו פון קעפּ?..

אונזער דאַך איז דער ווינט, אונזער היים איז דער בריק
און מיר נעמען די ראַכוועס א שטיק נאָך אַ שטיק — —

— און אויב איינער ווערט מיד, וועט ער זאָגן: גענוג!
איז אַ בראָך איבער בריק, און די טיף איז גענוג.

אַ שאָ קומט אָן שטיל און פאַרגייט,
הייס איך איר האַסטיקער גיין.
און איך האַלט שוין מיין בלוטיקע פרייד
פאַרביסן צווישן די ציין.

שטעל איך זיך אויף און איך שריי:
— כאַוויירים, אַף מעסערס און—גוט!
מיר בענקען שוין ווידער נאָך בליי,
נאָך רויכיקן אויפשטאַנד אין בלוט!

קומען מיר רואיק און הארט
און גרייטן די האָריקע הענט.
— איז נאָך דאָ עמיצער צאַרט?
— מיר האָבן די צאַרטקייט פאַרברענט!

שטעלט מען זיך שווער — און אין ריי,
ס׳צעוויגט זיך אַ שטורעם אַף קעפּ.
איינס! — און איינס! — און צוויי!
און די ערד הילכט שוין אָפּ אונטער קלעפּ.

און ווער עס וויל קערן צוריק,
זינקט ער אין אייגענעם בראָך.
— כאַוויירים, אין אויפשטאַנד און קריג!
אין רו און אין ליבשאַפט — דערנאָך!

דער וואַלד איז הויך, און ברויגעזדיק, און אַלט
און ליגט אין מאָך און רואיקייט באהאַלטן.
מיר זיינען וואַלד-העקער, — און שליידערן דעם וואַלד,
און האַקן-אונטער בוימער און צעשפּאַלטן.

האַרבע מי און העק, — איז אונזער פרייד,
ווי שוואַרצעס ברויט נאָך ביינערדיקער אַרבעט.
מיר טרינקען אונזער לעבן רויערהייט
און וואַרטן ניט ביז עס וועט נעמען שטאַרבן...

מיר האָבן הענט און טוען אַלץ מיט קראַפט
און פּעטעס בלוט צעשרייט זיך אין די גלידער.
אַ הויב דעם האַק, — און ס'שפּראָצט די לופט מיט זאַפט
און בוימער לייגן זיך שוין שרייענדיק אַנידער.

כאַפּט זיך אויף אַ דעמבענער געשריי:
עס וואַלגערט זיך דער וואַלד אַן אויפגערייצטער גיבער.
די לופט ווערט ריין און קלאָר, ווי ערשטער שניי,
און ראַכוועס שוימט און גיסט זיך שוין אַריבער...

יאַנואַר 1926 י.

פון דאַנען שריי איך, אַזש צום צענטן דאָר,
צום צענטן, צום עלפטן און צום הונדערטן:
אונזער ביינערדיקער, שטייפער וואָר
זאָל פאַר אייך ניט אויפגיין, ווי א וואונדער!

ערגעץ דאָרט אין זומערדיקן לאַנד
מיט טאָג פאַרבליבענע אף שטענדיק,
זאָלט איר כאָטש מיט א בענקשאַפט אין דער האַנט
ניט קרוינען אונז מיט שטויבן פון לעגענדן.

זאָלט איר כאָטש ניט באַקרוינען אונז די קעפּ
מיט געוועבן זוניקע און דינע...
מיר זיינען דאָ געוועזן און געלעבט
אין ליבשאַפט, און אין וויטאָק, און אין סינע.

מיר האָבן דאָ די ציגל נאָר צעלייגט
און זיך אַליין אוועקגעלייגט פאַר ציגל.
ביז טיפן בלוט אַזוי געבענקט
פאַרמאָגן אויך צוויי אומרואיקע פליגלען.

מיר זיינען דאָ געגאַנגען אף דער ערד
מיט שטויב פון כורבן אַף די אַרבל...
און אונז איז נאָר געווען באשערט
זינגענדיק דאָ לייגן זיך און שטאַרבן.

זאָלט איר כאָטש דאָרט אין זומערדיקן לאַנד
נאָך אונז פאַרבלוטיקטע ניט בענקען.
פון דאַנען שטרעק איך אויס צו אייך מיין האַנט:
— טייערע, באַפליגלטע, ניט קרוינט אונז!

אָקטיאַבר 1925 י.

# טיקן־טאעס:

| זייט | שורע | געדרוקט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 12 | 3 פון אונטן | רינג | גרינג |
| 23 | 1 „ אויבן | ניט קיין העלד | ניט קיין העלדן |
| „ | 5 „ אונטן | מיט פאַך און געשריי | מיט פאַך און מיט געשריי |
| 29 | 4 „ „ | פארקלעמטס | פארקלערטס |
| 30 | אויבן | ענגלסן | ענגעלן |
| 65 | 1 פון אונטן | יגענדיק | גינענדיק |
| „ | | קופלין—מינסק | סקופלין--מינסק |

# אינהאלט:


| | |
|---|---|
| | זייט |
| מיין יוגנט | 3 |
| וועט א קוק טאָן אַ מאַמע | 4 |
| מינסקער בלאָטעס (פּאָעמע) | 5 |
| און יעדער אינדערפרי | 26 |
| אין רויך | 27 |
| היינט וועט קיינער ניט פאַלן | 28 |
| באַ קרעמל-וואַנט | 29 |
| ברודער מיינער (ענגעלן) | 30 |
| פּערליאַשעז | 31 |
| איך פיל די שטאָט | 32 |
| די שטאָט | 33 |
| שטאָט מיינע | 34 |
| שווייגט אַ שטאָט | 35 |
| קניענדיק | 36 |
| פאַרגייט | 37 |
| שטעטל | 39 |
| ברויט (פּאָעמע) | 44 |
| איוגוסט | 66 |
| איך האָב פּלוצלונג היינט | 67 |
| שווייג | 68 |
| שליידערט | 69 |
| ס'איז יעדערן געגעבן פול און פיל | 70 |
| זע נאָר, זיי פאַלן שוין מידע | 71 |
| צו אונז אין סאָד | 72 |
| טריפט די נאַכט | 73 |
| ס'קען זיין | 74 |
| ווי פליגלען פון אַ ווינטמיל | 75 |

ס'איז מיר עפשער צייט שוין . . . . . . . . . . . . . . . 76
קאַטערינקע (פּאָעמע) . . . . . . . . . . . . . . . 77
לידער וועגן לידער . . . . . . . . . . . . . . . 90
האַרבסט . . . . . . . . . . . . . . . 94
איך גיי און גיי . . . . . . . . . . . . . . . 95
פייכטער פאַרלאָרענער ווינט . . . . . . . . . . . . . . . 96
שניי-ליד . . . . . . . . . . . . . . . 97
ווינטער . . . . . . . . . . . . . . . 98
עס איז די נאַכט היינט צאַרט . . . . . . . . . . . . . . . 103
דער אינגסטער אַפילע פון אונז . . . . . . . . . . . . . . . 104
רואיק, מיין בייזער געמיט . . . . . . . . . . . . . . . 105
אויב אַזאַ צייט . . . . . . . . . . . . . . . 106
אַ שאָ קומט אָן שטיל . . . . . . . . . . . . . . . 107
דער וואַלד . . . . . . . . . . . . . . . 108
פון דאַנען שריי איך . . . . . . . . . . . . . . . 109